H. REISENBLATT
SONGS AND POEMS

געזאמעלטע

# געדיכטע און ליעדער

פון

## ה. רויזענבלאט.

(1905—1915)



מאַקס נ. מייזעל
אידישער פערלאַג פאַר
ליטעראַטור און וויסענשאַפט
1915



# אינהאַלטס־פערצייכנים:

## I. זומער און ווינטער

זייטע

## II. בלאָנזשענדע נשמות



## III. אויף דער אַלטער שטאָדט



---

## IV. קינדהייט און קינדער



זייטע



## V. אונרוהיגע טעג



---

## VI. פערשיעדענעס



---

## VII. איבערזעצונגען



## אין א פריהלינג־נאכט.

אויפגעשלוכצט, און מיט אַ פלאַטער
האָט דאָס לעמפּעל זיך פערלאָשען.
ווי א קאָרען־זאנג א רייפער
פון א האָגעל אויסגעדראָשען,
וויעגט זיך אַ געדאַנק, אַ לעצטער,
אין מיין מח קוים און ציטערט.
דונקעל פלאַטערען די שאָטענס
פון לבנה־שיין בעפליטערט.

גרינג און גרינגער... איך אליין שווין,
דוכט מיר, פלאַטער אין דער לופטען;
שפּיר דעם קיהלען שטערען־שימער;
פיהל די פייכטע הימלען דופטען;
פיהל דאָס אָטהעמען פון רויזען,
אין די קנאָספּען נאָך פערשלאָסען,
זים מיט האָניג אָנגעלאָדען,
פול מיט ריחות אָנגעגאָסען.



שטילער... שטילער... ערגעץ הער איך
לייכטע באַלזאַם־טראָפּען רינען;
בלייכע בוימער־בליטהען בליהען;
געלבליך־גרינע גרעזלעך גרינען;
פּיהל דעם לעצטען שטערען שימער,
פּיהל די ערשטע מאָרגען־שטראַהלען,
הער דעם לעצטען נאַכט־טוי טריפּען,
הער דעם ערשטען טאָג־שטויב פאַלען...

בלייכער... העלער... שוין דאָס לעצטע
געלבע שטערענדעל פערלאָשען.
ווי אַ קאָרען־זאנג אַ רייפער
פון אַ האָגעל אויסגעדראָשען,
וויעגט זיך אין מיין אויג אַ שאָטען
פון דער פריהלינג־נאַכט דער בלויער —
ס׳אָטהעמט פייכט דער בלייכער מאָרגען,
און איז האָריז געהט אויף דער טרויער...
1915



## פריהלינג־רעגען

(אין ארעמען געסעל).

א רעגענדעל האָט זיך געלאָזען
ערקוויקענד, מחיה'דיג, לייכט
און פויקט אין די פענסטער, די גרויע,
די שייבעלעך מאכענדיג פייכט.

איך קוק ווי דאָס רעגענדעל שפרינקעלט
און שפריצט אויף די שטיינער פון גאַס,
און עפּעס פערקוועטשט מיר ביים הארצען
און מאַכט מיינע אויגען מיר נאַס.

דער רעגען, די ברכה פון הימעל,
וואָס שפּריצט אויף דער ערד זיך און גיסט,
ער פאַלט אויף מיין ארעמען געסעל
און געהט דאָ פערלאָרען אומזיסט.

עס וועט זיך מיין געסעל פערבלייבען
פער'חשכ'ט און אָרים ווי פריה'ר,
אזוי ווי די ארעמע מענשען,
וואָס לעבען און שמאַכטען אין איהר.



אוי אָרעמעס, אָרעמעס געסעל!
קיין גרעזעל, קיין בלעטעל, קיין בלום,
נאָר קראַנקע געבויגענע מענשען,
ווי שאָטענס דאָ שלעפּען זיך אום.

איך קוק ווי דאָס רעגענדעל קאַפּעט
און עפּעס אין האַרצען מיך ציהט:
אוי אָרעמעס, אָרעמעס לעבען,
עס שפּראָצט דאָך וואו ערגעץ און בליהט!...

1905



# דער בוים

אוים דעם מיטען וואַלד ערהויבט זיך
פון דעם פריהלינג אַ בעשטראַהלטער,
אַ בעצווייגטער בוים אַן אַלטער,
ווי אַ ריטער ווי אַ שטאָלצער.

געגען יום טוב'דיגען הימעל
הויבט ער זיינע העכסטע צווייגען.
פול מיט שמחה קומט ער צייגען
איהם די ערשטע גרינע בלעטער...

און בערוישט פון פויגעל־זמירות
און פון יום־טוב פון געשמאַקען,
הערט ער ניט ווי אונטען האַקען
העקער אונטער זיינע וואָרצלען.

1906



# די פערשטיינערטע שטאָדט

געשלאָפּען בין איך ניט אין יענער וואונדערליכער נאַכט.
מיט אויגען, גרוים און ווילד, ווי ביי אַ הירש האָב איך גע־
וואַכט,
און וואכענדיג געוואנדערט, ווי עס וואנדערט איינער אין אַ
טרוים.

געפיהרט האָט די לבנה, דורך דעם ליכטיג־בלויען רוים,
די לעצטע געלע שטערענדלאך,
ווי ס׳פיהרט אַ קוואָקע איהרע הינד׳לאַך,
אין איילעניש פאַרנאַכט צוריק אַ היים.

נאָר היגטער מיר,
פערשטיינערט ליגט די גרויסע שטאָדט
אין גרויע קאַלטע שאָטענס איינגעדעקט,
און דאָ און דאָרט פון לאנטערנע־שימער געל געפלעקט.
און ס׳פאַלען מיעד און שווער די טריט,
אָט ווי געזועזען וואָלטען זיי
פון שטאָהל און אייזען אויסגעשמידט...

גאָס איין... גאס אוים.
און ס׳שפּרייט די שטאָדט זיך ענדלאָז־גרוים ;
א נעץ פון גאַסען פלאָנטערט מיך אַרום
און לאָזט מיך ניט ארוים.



פון האַרצען רייסט זיך אָפּ אַ זיפץ,
און פלאַטערט גרינג און טראָגט זיך מיט דעם ווינד.
מיין זיפץ, אַ טהייל פון מיר, שוועבט אום אצינד,
שוועבט איבער וואלד און פעלד און בארג און טהאָל,
און ס'הערט דער וואַלד דאָס עכאָ פון מיין האַלב־פערשטיקטען
קול.

און אפשר האָט מיין זיפץ זיך אָבגעשטעלט,
וואו ערגעץ אויף אַ בלימעלע אין מיטען פעלד ?
און הוידעט זיך און וויעגט זיך גרינג : —
ד ע ר ע ר ש ט ע ר, ע ר ש ט ע ר שמעטערלינג !

און ס'בלישצען אָפּ־און־אויף,
ווי שפיעגעלאך די פליעגעלאך
ענטגעגען ערשטען מאָרגענשטראַהל.

א שמעטערלינג, א שמעטערלינג ! — וואָס פאלט מיר איין ?...
מיין זיפץ — — א שמעטערלינג זאָל זיין ? !
אַ חלום און ניט מעהר, —
אָט הער :
דאָרט ערגעץ רודערט אַ טראַמוויי,
און איילט און לויפט אונז זינגענדיג פאַרביי.
און זעה, פון ווייטען שימערט געלבליך־בלאַס
זיין אויג, און בלינקט און ווינקט :
„איך בין דער סאָלאָוויי פון אייער גאַס,
„ד ע ר ס אָ ל אָ ו ו י י פ ו ן ג אַ ס".

ער זינגט... דען אין די בערג פון מזרח שטראָמט
דער גאָלד־און־ראָזער שטראַהלען־קוואַל.



און זעה, פון ליכט־שטראָם טהיילט זיך אָפּ,
פערטערעהרט און בלאַס
אַ שפּינוועבס־דינער שטראהל,
און לאָזט זיך מיט געגאָד אראָפּ
אויף אונזער גאַס.

און אויף דעם ברוק, וואו פון אַ שפּאַלט
אין שטיין,
א גרעזעלע זיך שפּארט ארויס,
אַ גרעזעלע — אַ מילב די גרויס,
און וואַרעמט זיך ענטקעגען שטראהל...

אַ גרוס, אַ גרוס!
„וואָס מאַכען די מיליאָנען בלעטעלעך און בלימעלעך פון טהאָל?
די קוועלכעלעך די רוישענדע, פון ליכטיגען קריסטאָל?
די דעמבעס, די בעשאָטענטע, ווי אויסגעשמידט פון שטאָל?
וואָס הערען ניט דעם פויגעל׳ס ליעד און זעהען די זון קיינמאָל?"

אַ גרוס, א גרוס!
איך הויב מיט צאָרען אויף דעם פוס — — — —
— — — — — — — — — — — — —

די שטאָדט, די שטיינערנע, ערוואַכט,
און שרייט און זינגט און וויינט און לאכט.
דער טאָג איז אין די מזרח־בערג, —
אין מיין נשמה שווארצט די נאכט.

און הער :
מיין האַרץ איז שטיין, מיין צונג איז שטאָל,
און צער און וואהנזין איז מיין קול.
און וואָס איך גאַר, און וואָס איך זוך,
איז — פאַר דער שטאָדט אַ נייעם פלוך,
אַ ל ע צ ט ע ן פלוך!

1915

# נאָך א רעגען

און עס האָט גערעגנט
און גערעגנט לאַנג...
ווי דאָס שווערע האַרץ פון זינגער
אָטהעמט אויף, בעוועגט זיך גרינגער,
גאָך אַ צער־פולען געזאַנג,
אָטהעמט אויף די ערד.
און מיט מיליאָנען פייכטע, דינע
גרעזלעך, צינגלעך גרינע
זינגט זי איצט איהר לויב־געזאַנג.

און ערגעץ אין אַ דוב אָן אַלטען,
וואו א פויגעל האָט בעהאַלטען
זיך פון רעגען־גום צו שיצען,
הילכט עס טשיר... טשיר... טשיר...
„וועט נאָך דונערן,
וועט נאָך בליצען?"

טשיר... טשיר... טשיר...
„עפּעס פּלאַטערען די בלעטער
און די צווייגען זיך בעוועגען, —
וועט נאָך פאַלען רעגען,
וועט נאָך פאַלען רעגען?"

פון דעם הימעל, אוים מיליאָנען
פאַרבען ליכטיגע געצויגען,
דורך די פייכטע שווערע צווייגען
שמייכעלט צאַרט דער רעגענבויגען: —
„נאָך דעם רעגען,
נאָך דעם רעגען."

בלויז איין וואָלקענדעל אין הימעל
נאָך דעם שטורעם איז געבליבען;
ווי אין גרויסען ים א שפענדעל,
הפקר פון דעם ווינד געטריבען
שווימט עס שטיל
אָהן א ציעל . . .

שווימט . . . און אויף א פעלז א גרויען,
מיעד פון רעגען שטעהט א בלימעל,
קוקט ארויף צום בלויען הימעל,
ז'איז דאס וואָלקענדעל מקנא:
ערגעץ וועט ער שפע ברינגען;
שטיל אָהן דונערען, אָהן בליצען
וועט דאָס רעגענדעל זיינס שפריצען,
אויף א גאַרטען פול מיט רויזען
צווישען קוועלענדע פאָנטאַנען —
איז נאָך אזא עלענדע ווי ז י איז וואו פעראַנען?!

ליכטיג, ווי א גרויסער אָפאל,
שטראהלט די זון אויף דר'ערד ארונטער.
פון דעם פעלזען קויקעלט מונטער
זיך אראב דער וואסער־קוואל,



פון דעם ווינטעלע געצערטעלט
און געקושט פון זונען־שטראַהל.

פון דער גרויער הויך אין אומעט,
קוקט דאס בלימעלע ארונטער,
ווי דער קוואל יאגט פריי און מונטער
מיט דעם ים זיך צו בעהעפטען;
זינגט און איילט זיך ראָש פון דאַנען —
איז נאָך אַזאַ עלענדע, ווי ז י איז וואו פעראנען?!

שטיל . . . עס שווייגען ערד און הימעל. —
אין דער נידער טרילט א פויגעל:
„באלד פערגעהט די זון און אונטען
אין דעם טיעפען טאָהל, צוזאמען
וועט די נאכט אונז פריה פערדעקען;
דו בלויז, דו אליין וועסט זעהען
פון דעם טאָג די לעצטע פלאמען.
דו אליין וועסט זיין די ערשטע,
וואָס וועט אין דער הויך דערהערען,
ווי עס צינדט זיך אין דעם הימעל
אַן דער קלאָהרער אָבענד־שטערן . . .“

„רוה און שלום, רוה און שלום!
דרימעל, שוועסטער מיינע — חלום“ . . .

.1914



# ברוך משנה עתים.

אַ זון מיט אַ רעגען, אַ זון מיט אַ רעגען,
און פייכט ליגט דער ווארעמער שטויב אויף די וועגען.
און דאָ און דאָרט זעהן זיך פון פוסטרעט סמנים,
אַן עלענדער האָט דאָ געוואַנדערט א פנים;
איצט שטעהט ער, אַודאי וואו אונטער אַ ווערבע,
און קוקט, ווי די טראָפען די בלישצענדע פאַלען.
און קוקט אויף די כמארעס, און קוקט אויף די שטראהלען: —
ברוך משנה עתים!

אַ זון מיט אַ רעגען, אַ זון מיט אַ רעגען,
אויף ביידע זייט שליאַך זיך די ווערבעס בעוועגען
און וואו ניט וואו טהוט זיך אַ טרייסעל אַ פויגעל,
עס בויגט זיך גערוישיג אַ רגע דאָס צווייגעל
און פינקלענדיג אונטער די בראָנזיגע שטראַהלען,
די טראָפען ווי אַרבעסלעך זילבערנע פאַלען
אויף גרעזעלעך גרינע, אויף בלעטלאַך און בלומען
און ס'ציהט זיך צום הימעל אויף שנירלאַך פארפומען: —
„ברוך משנה עתים..."

א זון מיט אַ רעגען, אַ זון מיט אַ רעגען,
אזוי שמייכלען מיר דיינע אויגען ענטגעגען:
אין וואָלקען פון טרויער, אין ליכט פון נחמה,
מיר שטראַהלט אין דיין בליק דיין געפלאָגטע נשמה.
א זון מיט אַ רעגען, אַ זון מיט אַ רעגען,
איך זעה דיינע ליפען זיך פיבעריש בעוועגען: —
ברוך משנה עתים.



## אבענד געבעט

ווען נאָך דעם הייסען טאָג
די נאכט קומט מילד און קיהל,
דאן עפענט זיך מיין הארץ
און איז מתפלל שטיל:

אה, שטאַרקער גאָט! ניט לאָז
פערטריקענען ווי שטרוי
די זעלע אין מיין גוף
און שענק א טראָפּען טהוי!

געפאלען איז אויף מיר
דעם טאָג'ס צוגליהטער שטויב,
זיין היץ, זיין דורשט, און דאָך,
מיין גרויסער, האַרר, איך גלויב:

איין איינציג טראָפּען טהוי,
איין טריעף פון הימעל-זאַפט —
און ווידער פרישט זיך אויף
אין מיר די בליהונגס-קראפט.

און ווי די רויז שיקט אפּ
איהר דופט — א לויב צו דיר,
וועט שטייגען הייליג-ריין
צו דיין געצעלט מיין שיר . . .

1907.



# די קאַקטעס

א.

אויף דעם בערגעל
שטעהט א בלימעל,
קוקט אריין אין
בלויען הימעל,

וואו איהר ווינקט דער
אבענד־שטערען:
„בלימעל, ווילסט מיין
כלה ווערען?“

און זי ענטפערט
איהם געלאַסען:
„כ'וויל פאר דיר זיך
נ י ט פער'קנס'ען!“

„זאָל דיר גאָט ניט
שטראָפען בלימעל.“
און פערדונקעלט
ווערט דער הימעל.

אלעם ווערט
פערזארגט, פערטראכט;



און די וועלט —
זי רופט עס נאַכט.

ב.

אויף דעם בערגעל
שטעהט דאָס בלימעל,
קוקט פערקלערט צום
בלויען הימעל,

וואו איהר ווינקט דער
מאָרגען־שטערען:
„בלימעל, ווילסט מיין
כלה ווערען?“

און זי ענטפערט
איצט דעם בלאסען:
„אפשר וועל איך
זיך פער'קנס'ען.“

„גאָט זאָל בענשען,
דיך, שעהן בלימעל!“
און בעלויכטען
ווערט דער הימעל...

עס פערגעהט
באלד זאָרג און קלאָג;
און די וועלט —
זי רופט עס טאָג.

1907.



# א בית־עולם בלום

אויף א פרישען קבר־בערגעל
ווינט זיך צנוע'דיג און פרום,
נור־וואָס פון איהר קנאָספ ענטשפרונגען,
א נאַאיווע צאַרטע בלום.

ס'איז איהר ערשטער לעבענם מאָרגען;
ס'איז איהר ערשטע זונען פראַכט,
זינט איהר בשמים'דיגע זעעלע
האָט די קנאָספע אויפגעמאַכט.

רונד ארום די קברים־בלומען,
מיט א טרויעריג געמיטה,
בליקען אויף דער יונגער שעהנהייט,
ווי זי חנ'דעלט זיך און בליהט.

אך, זי ווייסט ניט, די נאַאיווע,
דאס איהר בליטהען־רייץ בעציערט
דאָ די סטעזשקעס, וואו אבלות
אין איהר איינזאמקייט שפּאַציערט . . .

1908.

## נאכט־שטויב

די פריהלינג־נאכט איז קוים פערשוואונדען.
פון ראָזען מאָרגען־שטראהל געצונדען,
בליצט אויף מיין שויב דער טהוי און ציטערט
ווי דימאַנט־ברעקלעך, אָבגעשפּליטערט
פון דימאַנט־שטיין.

דער לעצטער שאָטען שוועבט בשלום,
אין אויג נאָך ציטערט מיר מיין חלום.
כ׳מאך צו צוריק די ברעמען שטייפער,
און זעה: — א יונגען דימאַנט־שלייפער
ביים שלייפער־טיש.

ער שלייפט — די דימאַנט־ברעקלעך בליצען.
ער שלייפט — די בלויע פונקען שפּריצען,
און ווערען אויף אַ ווייל פערשוואונדען,
און פינקלען ווידער אויף געצונדען
אין הימעלס־רוים.

אין דימאַנט־שטויב די נאכט שוועבט ליכטיג.
דער שלייפער ארבייט פלינק און טיכטיג,
און פון זיין מארמער שטערן טריפען
איהם טראָפּען, ווי דימאַנט געשליפען,
און פאלען שטיל.



עס פאלט אַ פונקען־שטויב פון אויבען,
און לעשט זיך בלוי אויף מיינע שויבען.
און אונטער מיינע ברעמען ציטערט
אַ דימאַנטעל, און ווערט צושפּליטערט,
און שפּריצט ארויס....

— דער פריהלינגס־חלום איז פערשוואונדען.
פון קארמען־רויטען שטראהל געצונדען,
א טראָפּען טהוי מיין שויב בעפליטערט;
אַ רגע נור און ווערט צושפּליטערט
פון גאס געראויש...

1915



# אויף׳ן בוג

עס גיסט זיך אויס א בלויע נאַכט,
מיט שטערענדלעך בעשפּרינקעלט.
עס שלאָפט די וועלט, און פאר מיין אויג
דער בוג אליין בלויז פינקעלט.

ארום מיר הוידעט שטיל דער טייך
די שפּיעגעל־בלויע וועלען;
פוןביידע זייטען אָטהעמט וואלד
און וואסער־ליליען קוועלען.

און ביי די ברעגען איינגעדעקט,
מיט שאָטענס פון די בוימען,
פון אָדלער־פליעגלען מעכטיגע
די וואסער־פויגעל טרוימען.

און שטיל אזוי איז, דאָס איך הער
דעם ווייטסטען שטערען פלאמען
און אין דעם אָטהעמען פון טייך
דעם טעמפּ פון זיעבען ים׳ען.

און שטיל אזוי איז, דאָס איך הער
דעם מינדסטען שטערען צאנקען
און אין דעם רונצלען זיך פון טייך
דער זומערנאכט׳ס געדאנקען.

עס גיסט זיך אויס די בלויע נאכט,
מיט שטערענדלעך בעשפּרינקעלט.
עס שלאָפט די וועלט, און פאר מיין אויג
דער בוג דער ברייטער פינקעלט...

1912



## א זומערנאַכט אויף'ן דאָרף

שוין לעשען זיך אין מערב אוים די לעצטע זונען־שטראַהלען,
שוין הערען אין דער שטילקייט זיך די אבענד־שאָטענס פאַלען.
געזעטיגט קעהרט דער פרייער סטעפ דעם דאָרף צוריק די סטאַדע,
דער פאַסטוך שפּיעלט און חזר'ט זיך מיט פליים זיין סערענאַדע,
און דאָ און דאָרט א ווערבע־בוים זאָגט פרום איהר אַבענד־תפלה
און בעט אויף שטערען ליכטיגע, אויף טהוי און ווינטען שטילע.

און זעלטען ווען עס ווייזט זיך אין א פענסטער וואו א פייער—
די שטערען ברענען סאַי ווי סאַי און ליכט און נאַפט קאָסט טייער,
אין הימעל די לבנה שיינט — צו וואָס דאָס לעמפּעל ניצען?
די שעהנע זומערנאַכט איז קורץ און שפּעט וועט קיינער זיצען...
שא — — — שטיל — — — נאָר פאַר דער טהיר פון שענק קלינגט אומעטיג א ליעדעל,
א צימבעל ברומט, בעגלייטענדיג די טענער פון א פיעדעל.

א יונגער פאַרובאק וועט דאָרט אין שענק די נאַכט פערוויילען.
זיין ליעבסטע האָט זיך היינט פער'קנס'ט, טאָ וואָס זאָל ער זיך איילען?



זיין ליעבסטע האָט זיך היינט פאַר'קנס'ט — פאַר'קנס'ט זיך
פאַר אַ צווייטען...
טאָ שפּיעלען זאָל די פּיעדעל און דער צימבעל זאָל בעגלייטען,
און פינקלען זאָל דער בעכער, פול לכבוד איהר, דער כלה...
ניטאָ קיין רעכטע מיידעל מעהר און פאַלש — דאָס זיינע אלע!

* * *

עס שוועבט אריבער בארג און טהאָל די בלויע נאכט אין שלום,
און דאָ און דאָרט לאָזט צו דער ערד זיך שטיל אַראָב אַ חלום;
גערווישלאָז וויעגט דער בלויער טייך זיך צווישען זיינע ברעג־
גען,
און וואסער־ליליען דאָ און דאָרט די ווייסע קעפּ בעוועגען;
צוויי שיפעלעך פעראנקערטע ביים ברעג זיך לאַנגזאַם הוידען,
צוויי אַלטע ווערבעס וואַכען נאָך און האַלטען זיך אין סוד'ען.
נור פלוצלים און די נאַכט קלינגט אויף מיט הילכעדיגע
קלאַנגען:
דער יונגער בוהאַי רעוועט וואו אין ענגען שטאַל געפאנגען.
צי האָבען זיך גע'חלום'ט איהם צוויי ברוינע קוהען־אויגען?
צוויי הערנער — ריינער העלפאַנטביין און הירשען־ווילד
געבויגען? —
די קעניגין פון פרייען סטעפּ, די שעהנסטע פון זיין סטאַדע —
און אין דער שטילקייט זינגט ער איהר אַצינד זיין סערענאַדע?

א רגע בלויז, און וויעדער לעגט די רוה אויף אלץ איהר
זיעגעל.
שטאָק־נאַכט — — — און דאָ און דאָרט בליצט אויף אין
גראָז אַ פייער־פליעגעל,
אַ טראָפּען טהוי פאלט פון א בוים און ווערט אין נאַכט
פערלוירען,



אַ קנאָספּע פּלאַצט וואו מיט אַ קרעכץ — אַ בלימעל ווערט
געבוירען,
און אין דער בלויער טונקעלהייט, זיך קרייזלענדיג, צום הימעל
געהט אויף דער זיסער אַראָמאַט פון ניי־געבאָר'נעם בלימעל.

דאָס איז איהר ערשטער לויב־געזאַנג, דאָס איז איהר ערשטע
שירה: —
„ווי וואונדערליך איז, גרויסער גאָט, דער סוד פון דיין יצירה".
1913



# בעווילינט

די זונן שטייגט אלץ העכער און העכער,
די היץ ווערט סכנות נפשות,
דעם איינציגען בוים אויף דער לאַנקע
בעפאלט אזא שווערער חלשות.

און שוואך, קוים דאָס אויג קען בעמערקען,
דער בוים נעמט די בלעטלעך בעוועגען:
„רבונו של עולם, האָב מיטלייד
בעווייליג אביסעלע רעגען!"

גאָט הערט דאָס געבעט און ער איז זיך
מרחם אצינד אויף די דארע,
פון היץ האלב־פערטריקענע צווייגען,
און ס'ווייזט זיך א גרוי שטיקעל כמארע.

עס דונקעלט... די היץ פאלט... און לאנגזאם
א וואָלקען די זון האָט בעהאלטען — —
א בליץ האָט געטאָן — און אויף צווייען
דעם בוים דעם פערשמאכטען צושפאלטען.

1908



## אין ווארטעניש

אפנים, האָסט מיך אָבגענארט.
אין אומעט זיץ איך און איך ווארט,
און נאַכט און חלום שוועבען —
שטערען גליהען,
רויזען בליהען,
רויזעלע, מיין לעבען!

איך הער זיך איין... א ווינטעל ציהט,
און מיט דעם גראָז, אוי, ציטערט מיט
דערשראָקען מיין נשמה —
שטערען גליהען,
רויזען בליהען,
רויזעלע, נחמה!

א שטערען רייסט זיך אָב און זינקט —
דאָס אויג פון בייזען מזל ווינקט:
„געטראָפען האָט א סיבה...“
שטערען גליהען,
רויזען בליהען,
רויזעלע, מיין ליעבע!

1913



# דאָס קראנקע בלימעלע

אין דעם גרינעם וועלדעלע,
האַרט נעבען מיין שטיין,
שטעהט א קראנקעס בלימעלע
איינזאם און אליין.

אַך, ווי קען דאָס בלימעלע
שעהן און בליהענד זיין,
ווען עס לאָזט דער שטיין ניט צו
איהר קיין זונען־שיין?...

רק ער ווארפט און ווארפט אויף איהר
שאָטענס קיהל און גרוי;
זעלטען לאָזט ער צו ביינאַכט
איהר א טראָפּען טהוי.

ווייטער דאָרט אין וועלדעלע,
טיעף אין גרינעם היי
זעהט זי ווי עס בליהען זיך
בלומען אלערליי.

און זיי גלעט דאָס ווינטעלע
און פון הימעל־בלוי
שענקט די נאכט זיי קושענדיג
פרישע טראָפּען טהוי.



יעדען אָבענד קומען דאָרט
„פּאָרלעך“ אויף שפּאַציער,
קלייבען, קלייבען בלימעלעך,
בלימעלעך אָהן שיער.

זעלטען אָבער קומען זיי
צו צום גרויען שטיין,
וואו עס שטעהט די וועלקענדע
איינזאם און אליין;

קומט שוין ווען א „פּאָרעל“ צו
מיעד פון דעם שפּאַציער,
קוקען זיי זי אָן א ווייל
און פערלאָזען איהר . . .

1905



## אונטער'ן אבענד־שטערן

עס פאלט דער שטויב אין רעש פון טאָג,
דאָס בייז פארליערט זיין כשוף.
דער אָבענד־שטערן צינדט זיך אָן,
די מלכה־נאכט בעטרעטט איהר טהראָן,
און הערשט אויף ים און ישוב...

*

און וואָס איך האָב אין דיר געזוכט,
בייטאג, און ניט געפונען,
איצט פליסט און גיסט פאר מיר זיך אויס,
ווי זיבען ים'ען טיעף און גרויס
און העל ווי זיבען זונען.....

און טיעף אין דער נשמה קלינגט
איצט אויף א נייע נאָטע —
איך קניה צו דיינע פיס און בעט,
און שלאָג אין הארצען זיך על־חטא
און וויין, און האָב חרטה...

*

עס פאלט דער שטויב אין רעש פון טאג,
דער אבענד קומט מיט שלום.
איך דריק דיך צו מיין הארצען צו
און קוש דיך היים און ווינש דיך רוה
און זינק מיט דיר אין חלום...

1912



# אליין

אויף א שטילען וועג א שמאָלען,
איבער בערג און איבער טהאָלען,
וואנדער איך אליין,
וואנדער איך אליין.

קיינער קומט מיר ניט אנטקעגען,
מיר וואָס זאָגען, מיך וואָס פרעגען,
שפאן איך מיר אליין,
שפאן איך מיר אליין.

פאלט דער אָבענד צו א בלויער,
כאפט מיך אָן א שטילער טרויער,
טרויער איך אליין
טרויער איך אליין.

דונק'לער, דונק'לער הויבט אָן ווערען,
ס'צינד זיך אָן דער ערשטער שטערען,
חלום איך אליין
חלום איך אליין.

אויף א דונק'לען וועג א שמאָלען,
צווישען דונק'לע בערג און טהאָלען,
וואנדער איך אליין
וואנדער איך אליין.

.1911



## פאלט דער בייזער שטורעם

פאַלט דער בייזער שטורם
אויף דעם וואלד אַנידער,
רייסען דאַן די פויגעל
איבער זיי'רע ליעדער.

אין די כמורנע בוימער
אויף די גרויע צווייגען,
קאַרטשען זיך די פויגעל,
קאַרטשען זיך און שווייגען.

פאלט דער בייזער שטורעם
אויף דעם וואלד אַנידער,
דאַן מוז ער אליין זיך
זינגען זיינע ליעדער.



## די יונגע ווערבע

שוין פאַראיבער איז דער שטורעם,
אוןביים ברעג פון מוטנעם טייך
שטעהט די יונגע שעהנע ווערבע
מאיעסטעטיש, שטאָלץ און גלייך.

פאר איהר ליעגען ריעזען־דעמבעס,
פון דעם שטורם אומגעבראכט,
ווי די קעמפפער אויף דעם קריעגס־פעלד
נאָך א בלוטיג־שווערער שלאכט.

און די ווערבע דאַנקט איהר שעפפער,
איהר גענעדיג גרויסען הארר,
וואָס דורך בויגען זיך און בוקען
ווערט זי נצול פון געפאהר...

1907



# ח ב ר י ם

צווי בוימער אין זעלביגען וואלד אויפגעוואקסען,
צוזאמען געגאָסען פון זומער די ברכות,
צוזאמען געטראָגען פון ווינטער די קללות, —
און דאָך ווי פערשיעדען אין זיי׳רע מזלות:

איין בוים איז געוואָרען א מאָסט־בוים אַ שטאָלצער
און קעמפפט מיט די ים׳ען און שטרייט מיט די ווינדען.
דער צווייטער, ׳ז אַ בלוטיגע תליה געוואָרען,
אויף וועלכער עס ווערען נשמות פערלאָרען.

נאָר אָפט, ווען די נאַכט שפּרייט פונאַנדער אין הימעל
איהר בלויע זייד־חופּה, מיט גאָלד־שטויב בעשפּרינקעלט,
און צווישען דעם ים און דעם מאסט־בוים הערשט שלום,
בעווייזט זיך צום שטאָלצען דער חבר אין חלום.

בעווייזט זיך דער אַלטער אַמאָליגער חבר —
א תליה, א גרוי, אין טרויער פערזונקען.
און שטיל אין זיין חלום דער מאָסט־בוים צובּיטערט
זיך וויעגט אויף די דונקעלע כוואליעס און ציטערט...

1908



# סוף זומער

סוף זומער, סוף זומער....
אוּן אָט װעלען באַלד
שוין אָנהויבען פאַלען
די בלעטער אין װאַלד.

אוּן ס'װעט זיי פערקעהרען
דער װינד — אוּן א סוף !
חלומות אייך גוטע,
אַ פריעדליכען שלאָף !

* * *

סוף זומער, סוף זומער...
אָט נאָך אַ פּאָאַר טעג,
אוּן ס'נעהמען די פויגלען
זיך קלייבען אין װעג...

אוּן פוסט אוּן פערלאָזען
אַ נעסט נאָך אַ נעסט.
אַ גליקליכע רייזע
אייך, ליעבינקע געסט !

* * *

סוף זומער, סוף זומער....
אוי װינד איז אוּן װעה !



שוין ליגט אויף דער לאַנקע
געקאַסעט דאָס היי.

באַלד קומען די שניטער
און נעהמען עס צו.
אדיע, פרייע לאַנקע,
א פריעדליכע רוה!

* * *

סוף זומער, סוף זומער...
און אימה׳דיג, שווארץ.
פערקלייבט זיך דער אונרוה
גאַנץ טיעף אין מיין הארץ.

און כ׳הער שוין דעם הערבסט-ווינד
דאָרט קלאָגען אָהן שיער —
אוי, הארץ מיינע, קראנקע,
וואָס ווינשט מען עס דיר?...

1905



# די לעצטע

עס שטאַרבט די לעצטע זומער־בלום
אין איינזאַם וויסטען טהאָל.
טויט שטיל, נאָר ווען־ניט־ווען קרעכצט אָב
אַ בייזער קראָהען־קול.

די לעצטע פון איהר בליטהען־שטאַם
צו זיין, איז איהר בעשערט.
איז דאָ נאָך אזא עלענדע,
ווי זי איז, אויף דער ערד ?

די לעצטע פון איהר צאַרטען שטאַם —
ווי שווער איז, גאָט, דיין שטראָף !
אָה, ווער וועט בלייבען דאָ נאָך איהר
צו טרויערען אויף איהר סוף ?

1907



## עס הערט מיט שרעק זיך איין דער וואלד

עס הערט מיט שרעק זיך איין דער וואלד
צום בייזען שטורעם וועטער.
„אָה, שוידערהאפט! וואָס וויל ער נאָך
אַ חוץ די טויטע בלעטער?!...“

„די פויגעל נעסטער שוין צושטערט,
די פויגעל וויט פערטריבען;
וואָס איז מיר נאָך פון זומער'ס פראכט,
פון זומער'ס גליק געבליבען?...“

עס ברומט צורייצט דער אָסיען ווינד,
איהם לאָזט דער כעס ניט שווייגען;
די בלעטער האָט ער אָפּגעפליקט,
איצטע ברעכט ער גאנצע צווייגען.

1905



# שפענדלאך

דער העקער זינגט פרעהלאַך, די האַק זיינע בליצט;
דער דעמב דרימעלט רוהיג און חלום'ט נאָך א י צ ט
פון זילבערנע רעגענס, פון גאָלדענע שטערען,
פון וואַרעמע ווינטלאך אין אַנדערע ספערען...

דער העקער זינגט לוסטיג, עס בלישצעט די האַק;
עס דופטעט דאָס נאַקעטע דעמב־לייב געשמאַק;
און ס'מישט דער גערוך פון דער קאָרע, דער פעטער,
זיך אוים מיט די ריחות פון וועלקענדע בלעטער.

דער העקער זינגט פרעהלאך, די האַק קלינגט צום טאַקט:
קלינג־קלאַנג — און דער דעמב פאַלט אַרונטערגעהאַקט.
און אונטער זיין רוקען, געטראַמפּעלט, געטראָטען,
אין בושה בעהאַלט זיך זיין זיידענער שאָטען.

נ'יט איינמאָהל געפאַלען איז מיעד ביי זיין זוים
דער וואָגלער, און רוהיג גע'חלום'ט זיין טרוים.
דער ליעבעס־קוש האָט דאָ ניט איינמאָהל געקלונגען
אין פריהלינג, פון טויזענדע פויגעל בעזונגען.

דער העקער זינגט האַרציג און אַרבייט געשמאַק;
עס הילכט אין דער שטילקייט פון מאָרגען די האַק — —



פערקלונגענע קושען, חלומות און טענער,
צושפליטערטע צווייגען... און שפענער און שפענער...

* * *

ס'וועט קומען איין אלטיטשקע, אלטיטשקע באבע,
געבויגען פון טראגען איהר פאק עולם־הבא,
און ציטעריג קלייבען די טרוקענע שפענדלאך,
אזוי ווי א קמצן קלייבט גאלדענע רענדלאך.

— אוי, שפענדלאך, אוי, שפענדלאך ! ווי וואויל און ווי טהייער
ביים קוימען, אין ראזעווען פלאם פון דעם פייער,
איהר וואלענעם זאק וועט די אלטעטשקע שטריקען,
זיך קארטשען, און זים מיט דער ווארעם זיך קוויקען.

און ציטערען וועלען די שפיעזלאך און בליצען.
האלב־דרימלענדיג וועט זיך די אלטעטשקע זיצען,
און קוקען ווי ס'שלענגעלט דער רויך זיך צום קוימען ;
ווי ס'פליהען די ראזעווע פונקען — — און טרוימען...

1915



## הערבסט נעכט

עס הענגט דער הימעל דונקעל בלוי,
די שטערען סומנע ברענגען : —
די פריהלינג־נעכט, די ליכטיגע,
די ווארעמע, וואו זענען ?
דער הימעל שווייגט, עס טריפט דער טהוי,
און מיר ?
אוי, מיר איז אומעטיג,
אומעטיג אזוי !

עס וועהען ווינדען קאַלט און רויה,
ביים טייך די ווערבעס קלאָגען : —
אָ, זאָגט וואוהין, וואוהין האָט איהר
די בלעטער אונז פערטראָגען ?
עס זיפצט דער ווינד, דער פראָסט פאַלט גרוי.
און מיר ?
אוי, מיר איז אומעטיג,
אומעטיג אזוי !

עס ליגט דאָס פעלד אין נעבעל גרוי
און כמאַרעס, בלינדע, קלאָגען : —
אָ, וואָס איז פון דער גאָלדנער זאנג
געוואָרען, ווער קען זאָגען ?
און ס'ענטפערען די ווינדען : — שטרוי !
און מיר ?
אוי, מיר איז אומעטיג,
אומעטיג אזוי !

1912



## אין א כמארנעם טאָג

ניט קיין זון און ניט קיין רעגען,
סתם אַ כמאַרנער טריעבער הימעל
און אַ שפּל־שווערער דרימעל.

וואו ס'צושיידען זיך צוויי וועגען
איינזאַם שטעהט אַ דעמב אַן אַלטער,
גרוי די צווייגען זיך בעוועגען.

„גאָטט אין הימעל!" רוישט פערביטערט
אויף דער אַלטער דעמב און ציטערט:

„ס'געה'ן דאָך וואנדערער פאַרביי מיר
שטום, די מיעדע קעפּ געבויגען
קיינער ווענדט צו מיר די אויגען!?"

ס'ציהט אַ ווינטעלע און מורמעלט:

„האָסט ניט וואָס זיי אָנצובאָטען,
ס'דאַרף דער וואנד'רער הײנט דיין שוץ ניט,
ס'דאַרף דער וואַנד'רער ניט דיין שאטען..."
1908



* * *

שוואַרצע כמאַרע אויף דעם הימעל
אַהן אַ ענדע ציהט און ציהט —
אַ, ווי גלויבט מען, אַז דאָרט אויבען
איצט דער פרייער אָדלער פליהט ? !

גרויע פרעסט די ערד בעדעקען
און עס ברומט מיט כעס דער ווינד —
אַ, ווי גלויבט מען, אַז אין לענדער
ווייטע, זינגט דער פויגעל צינד ? !



# קנאה

א.

עס בליקען די וועלקענדע בלומען פון גאָרטען
ארויף צו דער רייכער וואַזאַנע
אין בלאנקענדען פענסטער פון פרעכטיגען פאלאץ,
און זיינען איהר שטערבליך מקנא.

„דאָ צווישען די פרעכטיגע מארמאָר סטאטועז
און שפריצענדע פרישע פאָנטאַנען,
ווי רייך איז דאָס בליהען, ווי פריי איז דאָס לעבען,
ווי שווער, אך ווי שווער איז דאָס וויאנען!...“

ב.

עס בליקט פון דעם בלאַנקענדען פענסטער ארונטער
די בליהענדע רייכע וואַזאַנע,
און זעהט ווי עס וועלקען אין גאָרטען די בלומען
און זי איז זיי שטערבליך מקנא...

„אָט דאָ, אונטער פרעכטיגע, שווערע גארדינען
און זייד'נע, געשטריקטע געוועבען,
ווי האָפנונגסלאָז איז דאָ דאָס איינזאַמע בליהען,
ווי שווער — אך ווי שווער איז דאָס לעבען!...“

1907



## פערשפעטיגט

און ווען דאָס לעבען האָט פערבליהט,
דער זומער האָט זיך אויסגעגליהט,
און אלטע וועלדער האָבען שוין
מיט קרענץ פון בלעטער געל און ברוין
די קעפּ די גרויע זיך בעקראנצט, —
ער׳זט דאַן האָט איהר אַ האַנד פערפּלאַנצט.

און אין דער צייט פון ווינד און קעלט
האָט איהר זיך בליהען ערשט פערוועלט.

עס ליגט די וועלט אַרום פערוויסט,
א נעבעל פאלט, א רעגען גיסט,
אַ ווינד אַ יאָמערליכער בלאָזט.
און זי האָט איצטער ערשט צולאָזט
די קנאָספּען און זיך גרייט געמאכט
די וועלט פערבלענדען מיט איהר פּראכט.

דער הימעל שוואַרץ, די ערד פערוויסט,
אַ נעבעל פאַלט, אַ רעגען גיסט.
פון ערגעץ ציהט אַ פוילע קעלט — — — —
— — — — — — — — — — — — —
און איהר האָט בליהען זיך פערוועלט...

1912



# אָרום טייך

בלויע אַטלעס וועלען,
דונקלע סאַמעט הימלען.
שאַטען־גרויע ווערבעס
אויף די ברעגען דרימלען.

גרויע זאַמד און שטיינער,
פּערעל־ווייסע שוימען.
אַש געפאַרבטע שיפלאַך
ביי די ברעגען טרוימען...

אויסגעוועפּטע ריחות,
אָבגעטומפּטע שטימען.
רוהדערס אַפּגענוצטע
מיט די כוואַליעס שווימען...

שטערען — קאַלטע אויגען; — —
אויסגעלאָש'נע בליקען.
שאַטענס, גרויע טריבע,
סודות אין זיך שטיקען...

1911



# דער ווייסער ריטער

ערוואַכט ! איך האָב פון זיך אַראָבגעפליקט די קייטען
און פון די העכסטע בערג, דורך טויזענד ווינט טרומפייטען
בין איך מודיע אייך : איך געה, איך האַלט אין קומען.
איין קלאַפּ פון פויק און אייער פעסטונג איז גענומען...
אָ, וועער וועט מיין מאַרשרוט דען וואַגען מיר פערצאַמען !
וואו זיינען יענע בערג, וואו זיינען יענע ים׳ען ?
כ׳וועל טהאָן אַן אָטהעם און פערלאָשען וועלען ווערען
אין הימעל איבער אייך, די זון מיט אַלע שטערען.
איך געה און וועל אין גאַנג ווי גראָז די וועלדער טרעטען.
צוטראַמפּלען וועל איך זיי, די נאַקעטע סקעלעטען...
און איהר, וועט קאַרטשען זיך און וועט פון פּחד פריהרען,
און הערען וועט איהר ווייט מיין קריעגס-פערד גאַלאָפּירען,
די טויזענד פויקען קלעפּ, די ווילדע שלאַכט-געזאַנגען,
דעם קאַלטען פאָהן-געררויש, די שווערד און פאַנצער קלאַנגען...
שאַ... שטומט ! און הערט זיך איין צו מיינע יובעל טענער,
און קאָרטשעט זיך פון גרויל, ווערט קלענער, קלענער, קלענער!
ווי מייז, צושראָקענע, פערקריכט אין אייערע נאָרעס.
געווען אַ ישוב און — אַצינד, אַ בית הקברות...

1915



# דער וואַלד ברענט

דער וואלד ברענט!
מיט צויבערליכער מאַכט,
אונזיכטבאַר זיך בעוועגט אַ האַנד
און אויף דער קאַנווע פון דער נאַכט
וואַרפט אויף אַ בילד,
פאַנטאַסטיש־ווילד,
אַ בילד
פון פונקען, רויך און בראַנד.

דער וואלד ברענט.
דער האָניג־זיסער אַראָמאַט
פון בוים און בלום, פון גראָז און בלאַט,
גיסט הארמאָניש זיך צוזאַמען
אין אַ סימפאָניע
פון פונקען, רויך און פלאַמען.

דער וואלד ברענט.
יוגענד־טרוימען, ליעבעס־וועהען,
וואָס דער וואַלד האָט זיי געהאַלטען
יאָהרען הונדערטער בעהאַלטען
אונטער זיינע צווייגען,
איצט פאַר מיינע אויגען שטייגען



אויף אין פלאַמיגע געשטאַלטען.
איך זעה: —
אַ ליעבעס־פּאָר,
צוויי פלאַטערנדיגע פלאַמען;
זיי גיסען זיך
און שליסען זיך
צוזאַמען.
איין גרויסער פייער־בראַנד
שטייגט צו די וואָלקען הויך.
איין אויגענבליק, דער פלאַם פערגעהט,
און דאַן —
בלויז רויך
און רויך
און רויך.

דער וואלד ברענט
און וועט אין בראַנד פערגעהן,
און בלייבען בלויז נאָך איהם וועט שטעהן
איין האַלב צוברענטער בוים,
אַ וויסטער שטומער עדות,
דער יורש פון דעם וואַלד,
פון אַלע זיינע סודות...

און שפּעטער אין אַ צייט אַרום,
נאָך טעג און נעכט פון ווינד און פרעסט,
אַ פויגעל קומען וועט צום וויסטען בוים
און מאַנען איהם זיין נעסט.
אַ שרעקעדיגער שאָטען וועט
זיך שלייכען ביי דער נאכט



צום קראנקען בוים
און זוכען אונטער איהם
זיין טרוים

און ער ?

אַ שטומער ווּיסטער עדות
וועט שטרעקען זיינע שוואַרצע צווייגען
אין טיעפען צער — און שווייגען...

1913

# אין חשך

אַלע שטערן אויסגעשטאָרבען,
ס'הענגט דער הימעל שווארץ געפאָרבען,
דאַך עס וויל קיין בליץ ניט שטראהלען
און קיין דונער וויל ניט קנאַלען...

אין דער נאַכט אָהן ערד, אָהן הימעל
שוועבט אַרום דער גאָט פון דרימעל;
בלאָנדזשעט דורך א וועלט א בלינדער,
זוכט די מיעדע מענשען־קינדער...

אתמען אין אַ טהאָל אַ טיעפען
ליבט פון אומעט אָנגעגריפען
אַ פערפאָרעמט קליינער ישוב;
שטיל איז דאָרטען, שטיל אַ מורא,
אָפט נאָר, דורך דער מרה־שחורה
טהוט אַ זיפץ אַ קראנקעס בלעטעל,
וועלכעס פאַלט פון בוים אַרונטער,
גיט אין חשך קוים אַ מינע
און פערזינקט גלייך אין דער רינע.

און די רינע רוישט און זשומעט
און בעוויינט דעם שווערען אומעט...



* * *

זאָל ווער אָנצינדען א פייער !
זאָל עס זיין א ליכט, אַ פאַקעל ;
זאָל עס זיין א הויז, א שייער :
ראַטעווען זיך פון דעם שוואַרצען
חשך־מבול... בויט א תיבה —
צינדט אָן פייער, צינדט אָן פייער ! !

1909



# אין אן אָסיען נאכט

איך האָב מיט שוידער אויפגעוואכט : —
עס שרייט אין צער די שוואַרצע נאַכט.
איך רייס די לאָדען אויף געשווינד —
עס שטעהט די נאַכט, די שוואַרצע, בלינד,
אַ קאַלטער פחד שטיקט מיך, שטיקט :
זי האָט אליין ארויסגעפליקט
די אויגען אין איהר ווילדען צער ;
זי האָט געזעהן דאָס גרויס געפאַהר,
זי האָט געזעהן דער אָסיען געהט,
די שווערד אין האנד, און טויט און טויט !
און ס'שטארבט די שעהנע וועלט אוועק.
און זי האָט דאַן, צודולט פון שרעק,
די אויגען זיך אַרויסגעפליקט,
און אין דעם חושך בלינד געבליקט ;
זי האָט געקוקט און האָט געזעהן :
דאָס ליכט אין חושך־רוים פערגעהן...
און אויפגעמאכט האָט זי איהר מויל,
און פריי געלאָזט איהר שטומען גרויל...

עס שרייט אין צער די דולע נאַכט :
„עס געהט דער טויט, ערוואכט ! ערוואכט !"
1909



# ערגעץ פליסט א טונקעל וואסער

ערגעץ פליסט א טונקעל וואַסער,
און אין גרויען אומעט שטייגען
מרה־שחורה׳דיגע ווערבעס
מיט אַראָבגעלאָזטע צווייגען.

ווינטען וועלען דאָרט ניט בלאָזען,
ס׳איז פאַר זיי דער וועג פערלוירען.
אייביג וועלען דאָרטען שאָטענס
אונטער גרויסע ווערבעס לוי׳רען.

ווי אַ׳ן אויג פול יאוש־שאָטענס,
וועמען ס׳מיידען רוה און דרימעל,
אוים די גרויע ווערבע־ברעמען
קוקען וועט צום שטומען הימעל

דאָס פערשאָלט׳נע טונקלע וואַסער.
און אין חשך וועלען שטייגען
מרה־שחורה׳דיגע ווערבעס
מיט אַראָבגעלאָזטע צווייגען.

1911



# דער ערשטער פראָסט

א קראַנקער שטעהט ער אויסען וואַלד
פערראומערט און פערלאָזען.
א שוואַרצער הימעל הענגט אויף איהם
און ווינדען בייזע בלאָזען.

ער הערט פון וואַלד דעם דעמבען־רעש
און טרייסעלט מיט יסורים
די דאַרע צווייגען... ווי ער וואָלט
זיך ווערהרען געגען שטורעם.

נאַר שפּעט ביינאַכט, ווען קעלט און רוה
די וויסטע ערד פערוויעגען.
און ווייט אַרום איהם ברוין און געל
די דעמבען־בלעטער ליעגען,

שלאָפט איין דער מיעדער קראנקער בוים,
שלאָפט איין און זעהט א חלום : —
פון הימעל נידערט צו דער ערד
דער ווייסער מלאך־שלום ;

די זילבער פליגלען אויסגעשפּרייט
די ווייסע האָר צולאָזען — — — —
— — — — — — — — — — — —

שאַ.. שטיל... עס גרויט דער ערשטער פראָסט
אויף בוימער און אויף גראָזען.

1911



## קום שוין, קום, אָה קלאָהרער שנעע

קום שוין, קום, אָה קלאָהרער שנעע,
קום צוגעהן וואָס גיכער.
ס'האָט די נאכט שוין צוועלף געצעהלט,
אַלעס שלאָפט שוין זיכער...

אַלעס, אַלעס שלומערט דאָ,
דארפסט זיך גאָר ניט שרעקען,
דיך וועט איצט דאָס קויטיגע
לעבען ניט בעפלעקען.

קום־זשע, קום־זשע, קלאָהרער שנעע,
פּרוב זיך, אויף צופלייסען,
מיין פער'חשך'ט געסעלע
אָנצוטהאָן אין ווייסען....

פריהלינג, זומער, איז דאָס דאך
נאַקעט, בלויז כסדר —
באָרג־זשע דו דעם, באָרג אַצינד
ווייסע, ריינע קליידער...

קום שוין, קום שוין גיכער, שנעע,
הער אויף שיהות מאכען,
דען דאָס וויסטע לעבען וועט
באַלד, דאָ באַלד ערוואַכען....

1907



## די וואזאַנע

אין דעם פענסטער פון דעם פאלאץ
די וואזאַנע שטעהט און בליהט.
פון דעם גרויען, טריבען הימעל
פלאַטערט גרינג דער שנעע און פליהט.

און עס קוקט זיך די וואזאַנע
אין דעם שנעע, דעם קלאָרען, איין.
„זאָלען אפשר דאָס געשפענסטער,
פון די גאָרטען־בלומען זיין?“

„איך געדענק אייך, גאָרטען־בלומען,
שעהן און צנועה׳דיג און שטיל...
אָפט האָב איך אויף אייך געטראָגען
אין מיין האַרץ אַ שווער געפיהל“.

„אָפט מיט קנאה פלעג איך קוקען,
ווי דאָס ווינטעל, מילד און צאַרט,
גלעט און וויעגט אייך, ווען איך, איינע,
בין אין תפיסה איינגעשפּאַרט“.

„זייט מיר מוחל, איהר געשפענסטער,
פאר מיין קנאה׳דיג געפיהל.
זייט גענעדיג צו דער זעעלע,
וועלכע לעבט ניט ו ו י זי וויל...“

1908



## קאַלינעס

רויטע קאַלינעס
אויף דעם קאַלטען שנעע.
אפשר זיינען זיי
טרערען בלוטיגע ?

אפשר, — לעשענדיג
זומער'ס לעצטע שטראַהל,
האָט מיט בלוט און גאל
גאָט אליין געוויינט ? !

און געפרוירענע
אויף דעם ווייסען שנעע,
הפקר ליגען זיי
רויטע ביטערע...



## די ווייסע מדבר

אַ ווייסע אַטלעס ווינטער־נאַכט.
א הימעל הענגט א בלויער.
מיליאָנען שטערען שימערען
און שמעלצען זיך אין טרויער.

אַ ווייסע מדבר פּלאַטערט גרויס
און מאניעט מיר אנטגעגען:
„קום, וואַנדער וואו דו ווילסט אליין,
אָהן סטעזשקעס און אָהן וועגען“.

„ניטאַ דער אויסגעטראָט’נער שליאַך,
וואָס פלעגט דעם וואנד’רער פיהרען.
געה, בלאָנדזשע, ביז דו ועסט זיך וואו
אין זילבער וואַלד פערלירען“.

„דו בלאָנדזשעסט און אַריבער דיר
זיך פלעכטען זילבער־צווייגען.
האַלט היילעג, מענש, די איינזאַמקייט
און בענש דאָס ווייסע שווייגען“.

1908

## א ווינטער נאַכט אויף'ן דאָרף

די זון פֿערגעהט דאָרט אין די בערג, — דער טאָג, ער האַלט
ביים שטאַרבען,
און גאָלדיג־ראָז און שאַרלאַך־רויט דער מערב נעהמט זיך
פֿאַרבען;
און ליכט און שאָטען טוישען זיך און מישען זיך צוזאַמען,
און דאָ און דאָרטען מינעט זיך דער שנעע אין ראָזע פֿלאַמען,
און דאָ און דאָרט, פֿון העלער הויט, אין מיטען פֿעלד,
ענטפֿלעקט זיך
א פֿויער־הויז און בלישצעט אויף אַ ווײלע און פֿערמעקט זיך.
אַ קלויסטער־צלם, ערגעץ־וויט, צינדט אָן זיך פֿון די
שטראַהלען
און פֿלאַקערט רויט און לעשט זיך אוים און ווערט פֿון אויג
פֿערפֿאַלען.
און ערגעץ אין דעם ווייסען סטעפּ טאַנצט אום אַ פֿלעק, אַ
גרויער,
אַ מעלאַנכאָליש שטילער קלאַנג פֿון וויט דערגרייכט צום
אויער:
א שליטען־גלעקעל; ס'האָט מסתם א פֿויער דאָרט פֿערווײלט
זיך
ביין „יאַרמעראַק", און שפּעט איז שוין אַצינדערט און ער
אײלט זיך.

* * *

פֿערלאָשען איז דער לעצטער שטראַהל. דער הימעל הענגט
אַ בלויער,
דער אָבענד־שטערן צינדט זיך אָן און פֿלאַמט אין שטילען
טרויער.
און אויף דעם ברייטען פֿרייען טייך דאָס יונג־וואָרג רעש'ט
און ליאַרעמט,



און פאַר נאָך פאַר פליהט איבער'ן אייז מיט ליעבע פעסט
    גערעמט.
איין בחור פּרובט דעם אַנדערען אין גליטש־קונסט איבער־
    שטייגען
און בראַווער דאָרט פון אַלעמען זיך פאַר זיין שעהנער צייגען.
דען שעהן איז זי ! אָה וואונדערליך, ווי אין דעם פראָסט
    דעם בייזען,
אויף איהרע באַקען גלוטיג רויט עס בליהען איצט די רויזען !
און וואונדערליך ווי גלוטיג היים די אויגען איהרע גליהען,
און פלינק בעוועגען זיך די פיס, עס ווילט זיך שוועבען,
    פליהען.
און פריי און קרעפטיג הילכט אַרום אַ לוסטיגער געלעכטער,
עס שלאָפט דאָס דאָרף און אין דער נאַכט די שטערן זיינען
    וועכטער...

* * *

עס שוועבט די פּראַסטיג קלאָרע נאַכט, עס פלאַמען בלוי די
    שטערן,
שאַ, שטיל... נור ערגעץ אומעטיג אַ ליעדעל לאָזט זיך הערען ;
דאָרט אין אַ שטיבעל זינגט מסתם אַ פויערטע ביין שפינען :
אין שענק איז „איהרער" און זי קען סיי ווי קיין רוה געפינען,
נו, שפינט זי, און דערנאָך וועט זי ערשט וועבען ביז בעגינען;
פון לייזוענט מאַכען איהם אַ העמד און ליעבע זיך פערדיענען,
נו, שפינט זי זיך, און שפינענדיג, איהר שפינט זיך וואָס אין
    זינען...

* * *

פאַרטאָג — און ערגעץ רוישען טריט, דער שנעע דער האַר־
    טער סקריפּעט.
אַ שיכור זינגט, אַ ווערבע רוישט, אַ קינד אַ קראַנקע כליפּעט.
דאָס וואַסער־ראָד ביים אַלטען מיהל זיך מאָנאָטאָנע זשומעט,
דערצעהלט פון לאַנגע ווינטער־נעכט חלומות, פול מיט
1914 אומעט...



# א קאפריז

א

ער: —

האַלב נאַכט. עס שיט דער שנעע און שיט,
און הערט ניט אויף צו שיטען.
אוי, וואָלט איך, טייערסטע, אַצינד
פערמאָגען פערד און שליטען!

שא... שטיל ארום. די גרויסע שטאָדט
און אלע גאסען שלאָפען;
כ'וואָלט אין דער ווייסער וועלט אַריין
מיט דיר, מיין שאַץ, אַנטלאָפען...

די פערדלאך פלינק, דער שליטען גרינג,
מיר פליהען פייל־אוים־בויגען,
און שטאָדט און גאס, און בריק און וואלד
פערבליצען פון די אויגען...

ב

זי: —

האַלב נאַכט. עס שיט דער שנעע און שיט
און הערט ניט אויף צו שיטען: —
דו לויף אין וואַלד, האַק אוים אַ דעמב
און מאך מיר שוין א שליטען!



דאַן לויף אַ צווייטען מאָהל אין וואַלד —
נאָר זעה קיין צייט פערלירען —
און פאַנג צוויי הירשען, יונג און ווילד,
און ברענג זיי מיר צופיהרען.

דער שליטען גרינג, די הירשען פלינק,
און פרייע די געמיטהער ! —
איך לויף דאַן אין דער וויסער וועלט
מיט דיר, מיין בראַווער ריטטער...

1912

## א שווער געמיטה

ביינאַכט האָט אַ פאָרהאַנג, אַ שווערער,
דאָס פענסטער געהאַלטען פערשטעלט.
פאַרטאָג איז דער פאָרהאַנג פערשוואונדען
און ווייס האָט געשימערט די וועלט...

אין גילדענער שטייג, דער קאַנאַריק,
ער קוקט דורך דעם פענסטער און זעהט
זיין פריינד, דעם יאַגאָדניג דעם אלטען,
פון שנעע זאַוואַרוכע פערשנעעט.

און ס׳וויל דער קאַנאַריק איצט טרויסטען
זיין פריינד, און צוטרילערט זיך שעהן;
ער הויבט אָן פון פריהלינג צו זינגען
און ווײנט זיך פאַנאַנדער אַליין...

1912



* *
*

קום, מיין טהייערע, שפאצירען
וו'הין די זילבער־וועגען פיהרען,
וו'הין די ווייסע שטעגען ציהען.
אומעטום די זעלבע הימלען,
און די זעלבע שטערען גליהען.

ווייסע בוימער, זילבער צווייגען,
און אַ הייליג ווייסער שווייגען
האַלט די וועלט אַרומגענומען.
אומעטום די זעלבע וועלטען
און די זעלבע ווייסע בלומען.

1911



## די פרומע מיידעל

שנורעלט זיך דער שנעע,
פערעל, קלאָהרער ריינער, — — —
„אָט אַזעלכע לאַנגע, לאַנגע שנורען פערעל
וועט שיקען מיר מיין שעהנער".

פאַסמעס ווייסער זייד,
זילבער פעדעם, קלאָהרע — — —
„שיקען וועל איך איהם א טלית'על פון זייד,
אַ זילבערנע עטרה..."

קלאָהרע שנעעלעך,
קאַרשען־ווייסע בליהטען — — —
„זאָל פון הימעל זיך, אוי, שטאַרקער גאָט, אויף איהם
אזוי די ברכות שיטען..."

1912



# א ווּאוּנש

פון הימעל פאַלען זיי אין נאַכט
גענליטערטע און ריינע ;
אוי וועה, ווי כ'בין מקנא איצט
די שנעעלאך די קליינע !

ווען גאָט אין הימעל וואָלט אַצינד
מיין תפלה וועלען הערען,
געבעטען וואָלט איך איהם, אַז א י ך
אַ שנעעלע זאָל ווערען.

און איבער בערג און טהאָלען זאָל
אַ שטורם־ווינד מיך בלאָזען ;
מיך ברענגען צו איהר פענסטערעל
און אויף א שויב דאָרט לאָזען.

און שפּעט אין אבענד, ווען זי קוקט
פערדבעתקט אַרוים אין דרויסען,
צו געהט ניט דער, וואָס פון איהר האַרץ
האָט מיך אַרויסגעשטויסען ;

אוי, פאַלען וועט דאָך דאַן אויף מיר
איהר ליעבער בליק אונגערען,
און איך, פון צער און גליק, וועל אין
אַ טרעהר צוגאַנגען ווערען...

1912



# שנעעלעך

ליכטיגע שנעעלעך,
פוכקינקע פעדערלעך,
פאלען אהן סוף.
ווייך איז דיין קישעלע,
קלאהר איז דיין בעקעלע,
טייערסטע, שלאף!

ליכטיגע שנעעלעך,
פוכקינקע פעדערלעך,
פאלען אהן שיעור.
קלאהר איז דיין ציכעלע,
ריין איז דיין הערצעלע,
חלום פון מיר!...

1912

## פון דער הויך

(ניו יאָרק נאָך אַ שנעע שטורעם)

פאַרנאַכט האָט דאָס וועטער זיך פלוצלים געביטען,
דער שנעע דער געדיכטער האָט אויפגעהערט שיטען.
די פינסטערע כמאַרע ז'פון הימעל פערשוואונדען,
און ס'האָבען זיך ליכטיגע שטערען געצונדען.

איך בליק... און אַזוי ווי געשעהן וואָלט אַ כשוף,
פאַר מיר ליגט אַ וואונדערליך־ליכטיגער ישוב ;
פאַנטאַסטישע מאַרמאָר פּאַלאַצען אָהן צאָהל,
און זיילען פון זילבער און טהורעמס פון שטאָהל.

און איבער דעם ישוב פערוועבט זיך געדיכט
אַ נעץ פון מיליאָנען בריליאַנטענע ליכט.

און אונטער דער בלענדענער נעץ, וואו דער טאָג
מיט רעש און מיט ליאַרם דעם ברוק האָט געטראָטען,
זיך ציהען די גאַסען אין זייד־צייג בעצויגען
מיט פּערעל און דימאַנט־שטויב ליכטיג פערשאָטען.

און דאָרט אויף אַ „סקוועער" זיך ענטפּלעקט אויף אמאָל
אַ גאָרטען. די בוימער פון לויטער קריסטאָל...

און איבער דעם „ריווער", אויף זילבערנע שטריק,
הרחבה'דיג שטרעקט זיך אַ בלענד ווייסע בריק.



און אונטען, געאַנקערט ניט ווייט פון די ברעגען,
פּאַמעלעך זיך הונדערטע זעגלען בעוועגען.
און דאַמפּפערס, געלאָדען מיט שווערע באַלאַסטען,
האַלב דרימלענדיג, וויעגען די גלאַנציגע מאַסטען.
און פייערלעך רויטע, און גרינע און בלויע,
אין אומעט בעטראַכטען די כוואַליעס די גרויע : —
א ווייטער מהלך — — — פערוואָרפ׳נע מקומות — — — —
נעבלען — און ווינדען — און דאָ אזוי רוהיג,
און חלומ׳ען ווילט זיך איצט שטילע חלומות.

1911



# שנעע־פליטער

זייד־ווייסע פוכיגע בליהטען,
שיטען פון הימעל זיך, שיטען,
פאלען אויף בארג און אויף טהאָל.
שטעהט זיךביים פענסטער א זקן;
חלום'ט פון נאכט־שוואַרצע לאָקען,
חלום'ט פון עפּעס אַ פריהלינג
ערגעץ אין וויטען „אַמאָל“...

לאָזען די אַלטיטשקע אויגען,
פייכט מיט אַן אומעט פערצויגען,
סתם אין דער וועלט זיך אַוועק.
וואַנדערען, בלאָנדזשען די בליקען,
ווייט איבער קליאַדקעס און בריקען.
שטעלען זיך אָפּ אָפּט פערלוירען,
זוכען אַרום וואָס מיט שרעק...

„דאָ איז אַ טייכעל געלעגען,
דאָרט פלעגען ווערבעס זיך וויגען,
וויגען פער'חלומ'ט און שטיל.
איצט... עפּעס יתום'דיג שטייגען
ווערבעס מיט זילבערנע צווייגען,
קאַלט, אין דער ווייסקייט פערלוירען,
סתם פאַר דעם שטורעם אַ ציעל...“



בלענד־ווייסע סטעפּעס זיך שטרעקען,
וואו־ניט־וואו שוואַרצען זיך פלעקען,
צייכנען און מעקען זיך אָפּ —
לאָזען אַהין זיך די אויגען
פּייכט מיט אַ שמייכעל פערצוויגען —
— — — — — — — — — — — — — — —
נאַכט־שוואַרצע קראָהען דערהויבען
הויך זיך אַריבער זיין קאָפּ...

*

זייד־ווייסע פּוכיגע בליהטען,
שיטען פון הימעל און שיטען,
פאַלען און לעגען זיך ווייך — — — —
שטעהט זיך ביים פענסטער דער זקן:
שנעע־ווייסע הייגען די לאָקען,
פּונקט ווי די זילבערנע צווייגען
דאָרט ביים געפרוירענעם טייך...

1911



# אין א שליטעלע

עס ציהט דער וועג זיך ווייס און גלאט,
דער שליטען גרינג, די פערדלעך זאט — —
קלינג־קלאנג,
און די נאכט איז לאנג,
קלינג־קלאנג...

מיליאנען שטערען אין דעם רוים,
און יעדער שטערען איז א טרוים — —
קלינג־קלאנג,
און די נאכט איז לאנג,
קלינג־קלאנג...

די וועלט איז פריי, דער הימעל גרויס:
טא קלייב־זשע דיר א חלום אויס — —
קלינג־קלאנג,
און די נאכט איז לאנג,
קלינג־קלאנג...

דעם שעהנסטען שטערען פון דער נאכט
האסטו מיר אין דיין אויג געבראכט — —
קלינג־קלאנג,
און די נאכט איז לאנג,
קלינג־קלאנג...



דער שעהנסטער חלום אויף דער וועלט
פאַר מיר אויף דיינע ליפּען קוועלט — —
קלינג־קלאַנג,
און די נאַכט איז לאַנג,
קלינג־קלאַנג...

1913



## א ווינטער־נאכט הוליאנקע

שפּאַן מיר איין אין גרינגסטען שליטען
פערדלאך, אָדלערס צוויי.
פייל פון בויגען וויל איך פליהען
אויף דעם גלאַטען שנעע.
איינס
צוויי
דריי,
עך, מיר זיינען פריי!
לעבען איז כדאי...

הענג אָן גלעקער און גאַלאָנזשען,
זאָל עס קלינגען העל,
דורך די גאַסען און אַלעען
פורמאַן, פורמאַן שנעל!
איינס
צוויי
דריי,
עך, מיר זיינען פריי!
לעבען איז כדאי...

קוק, אַט דאָרט אין ענדע געסעל
קלימפּערט זיך אַ שיין;



דאָרט אין אלטען מיטיאָ'ס שיינקעך
קריעגט מען ג ו ט ע ן וויין!
איינס
צוויי
דריי,
עך, מיר זיינען פריי!
טרינקען אין כדאי...

און פון דאָרטען — זעהסט ביים בריקעל
ברענט א ליכטעל העל?
דאָרטען וואוינט די שעהנע ראָזא.
היידא, פורמאַן, שנעל!
איינס
צוויי
דריי,
עך, מיר זיינען פריי!
ליעבען אין כדאי...

דורך די גאַסען, דורך די שטילע
פליהט דער שליטען, פליהט.
איך, מיין ראָזא און דער פורמאַן
זינגען אויף א ליעד.
איינס
צוויי
דריי,
עך, מיר זיינען פריי!
זינגען איז כדאי...

קלינגט-זשע, גלעקער, העלער, שטאַרקער
אין דער שפעטער נאכט,



וועלען זאָלען פענסטער, טהירען
אַלע אויפגעמאַכט...
איינס
צוויי
דריי,
עך, מיר זיינען פריי!
הוליען איז כדאי...

שלאָפען זאָל די מיעדע באָבע,
און די מיאוס׳ מויד;
איך וועל שלאָפען דאן, ווען איך וועל
זיין שוין אמת טויט.
איינס
צוויי
דריי,
עך, מיר זיינען פריי!
לעבען איז כדאי...

1909





# צווישען הימעל און ערד

It was many and many a year ago
In a Kingdom by the sea.—**Poe.**

א.

פארטאָג אין די הימלען

אויף קייטען אויף שווערע, געשלאָסען
פון רינגען אוים גינגאָלד געגאָסען,
די זונן הייגגט אריבער די הימלען;
און אונטען אין בלענדענדע ים'ען
אויף וועללען פון ראָזעווע פלאַמען
מלאכים־קעפּ זילבערנע דרימלען.

געשלאָסען די שטראַהלענדע אויגען,
די פּנים'ער איבערגעצויגען
מיט מאטאָווע טולען מיט דינע,
ווי יונג האלב־געעפענטע רויזען,
פון טהוי אָנגעקוואָלען, זיך קרויזען
די ליפּען געקושט פון דער שכינה.



נאָר באַלד וועט זיך ערגעץ בעוועגען,
און שטיל מיט אַ ציטער זיך רעגען
דער קלאַנג פון אַ גאָלדענער לירע,
און ס׳וועלען פון שלאָף די מלאכים
ערוואַכען צו זינגען די שבחים
פון בורא אין הייליגער שירה.

און די זון, וואָס איז איבער די הימלען
אויף גאָלדענע קייטען געהאַנגען,
וועט ווערען מיט לויטערע קלאַנגען
פון הימעל ארונטערגעלאָזען,
צו לייכטען פאַר אירדישע וועלטען
אויף שלעסער און פאַסטוך־געצעלטען,
אויף בוימער און בלומען און גראָזען.

און צווישען די הימלען וועט שלאָגען
דער אָפּקלאַנג פון קייט און זיך טראָגען —
אַ הייליגע תפילה, פול מורא —
„אָ שענק זיי, די וועלטען, וואָס שוועבען
אין אָבגרונד, אַ העלען טאָג לעבען!
אָ, בענש זיי, אלמעכטיגער בורא!“

---

ב.

די פערשוועבונג אין הימעל

שוין האָבען די קייטען געקלונגען —
די ליכטיגע זונן איז געזונקען
אין העלע און לויטערע קלאַנגען,
און איבער האלב־דרימלענדע וועלטען,



אויף שלעסער און פאסטוך־געצעלטען,
א גאָלד־ראָזער ליכט איז געהאנגען.

און אויבען?... זיך עפענען ריעגלען,
מלאכים מיט דימאַנטע פליעגלען
אין ענדלאָזען פלאַטער זיך ציהען,
און ס'מינען זיך טויזענדע פלאַמען
און גיסען זיך בלענדענד צוזאַמען
און פינקלען און בלישצען און גליהען.

אייך וויל... און א שופר וועט שאַלען
און ס'וועלען אין עהרפורכט פאלען,
די קעפּ און די פליעגלען פערבאָרגען,
די הייליגע קינדער פון הימעל,
און גאָט וועט ערוואַכען פון דרימעל
און בענשען דעם גאָלדענעם מאָרגען.

נאָר פּלוצים... עס וויעגט זיך און ציטערט
אַריבער די הימלען פערביטערט
גאָט'ס קול אין צובראָכענע קלאַנגען:
„איך קען אייך ניט בענשען אַצינדער —
א קינד פון אייך הימלעשע קינדער
א זינד איז א שווערען בעגאַנגען".

„פון ערדישער תאוה פערבלענדעט
האָט ער זיינע אויגען געווענדעט
אַראָב, און די הימלען פערלאָזען".
און נאָך א מאָל גיבען א ציטער
די הימלען... א ווילדער געוויטער
מיט צער און מיט צאָרן נעהמט בלאָזען.

ג.

## דעם מלאך׳ס ענטרינונג

אָ דאָרט, וואו די בלענדענדע זונן איז געזונקען
אין גאָלדענעם שטויב און אין ראָזעווע פונקען,
דער מלאך לאָזט שטיל זיך ארונטער.
די דימאַנטנע פליעגלען פאנאנדערגעלאָזען,
די זילבערנע לאָקען אין כוואַליעס צובלאָזען,
די אויגען — זיי שימערען מונטער.

און אונטען, העט טיעף, אין די נעבלען די בלויע,
בעוועגען זיך וועלטען, ווי שטויבעלאך גרויע
פון ווינטען פון בייזע געטראָגען,
און ס׳יאָגט זיך דער מלאך און בליקט אויף די שטויבען :
„פון וועלטען מיליאָנען זיך איינע צו קלויבען —
אָ, ווער קען דעם מזל מיר זאָגען ? !"

עס שפרייטען זיך ליכטיגע הימלען פון אויבען
און אונטען אין דונקעלהייט טראָגען זיך שטויבען
אָהן סדר, אָהן ציעל און אָהן זינען,
דער מלאך, ער קלעהרט און ער פליקט אוים די פליגלען
א פעדער און מורמעלט : „דו זאָלסט מיר פערזייגלען
מיין מזל ׳ן מיין גורל בעשטימען.

„איך לאָז מיט די ווינדען די פרייע דיך ציהען
און איך, אָהן אַן אייגענעם ווילען זאָל פליהען
אַהין, וואו עס וועט דיך פערקערען,
און פאַלסטו אויף פעלזען און זינקסטו אין ים׳ען
איך לעג מיינע גאָלדענע פליעגלען צוזאַמען
און נעהם אָן מיין גורל דעם שווערען".



ד.

די וואקכאנאליע

בלוי און ווארעם, טיעף און זויבער
גיסט די נאכט מיט שטילען צויבער
זילבער־ליכט און שטערען־שימער ;
און אין ווייסען שיין פערגאסען
שלאפט די ערד אין רוה געשלאסען.

דאך עס רייסען, ווי געפאנגען,
זיך וואו ערגעץ הייסע קלאנגען,
גלוהטיג הייסע מעלאדיען.
ערגעץ אין דער נאכט דער מיעדער
ברענען פאקעל, ליכט און ליעדער,
און אין גאלדנע בעכערס גליהען
רויט און ראזעווע געטראנקען.

דארטען האט די לוסט געצונדען
פייער. און די רוה ׳ז פערשוואונדען.
הייסע קושען, קיהלע בלומען,
פאלען אין דעם שטויב און ליארעם
און דער דרימעל זאנפט און ווארעם,
ווי דער אטהעם פון די בלומען
פון די טויטע ווערט צושוואומען.

פיעדלען, פייפען, פויקען, פלייטען,
צימבלען, טאצען און טראמפייטען
שאלען העכער אלץ און העכער ;
און פון האנד צו האנד א פרייער



איבערפילט מיט וויין און פייער
וואַנדערט אום דער גאָלדנער בעכער.

און אין שכור'ן געלעכטער
טאַנצען פרעך די שעהנסטע טעכטער,
שפרינגען ווילדער רק און ווילדער;
איינער נור... אַ בלייכער אינגעל
אַבגעזונדערט שטעהט אין ווינקעל
ווייט פון העלישען געפילדער.

שטעהט און הערט ניט דאָס געלעכטער
פון די יונגע שעהנע טעכטער,
ניט דאָס הוליען פון דער פרעכער
ווילדער באַנדע 'רום דעם בעכער,
ניט דאָס קוויטשען פון די פלייטען,
ניט דעם רעש פון די טראָמפייטען —
ווייט פון אלע...

און עס פרעגט אַפילו קיינער:
וואו 'ז דער בלייכער יונג דער שעהנער?
וואו דער זינגער מיט דער לירע,
וועלכער האָט זיין הימעל־שירה
ערשט ניט לאַנג פיר אונז געזונגען
און אין יעדער האַרץ געדרונגען,
ער, וואָס האָט אין זיינע קלאַנגען
יעדענס האַרץ און זעעל געפאַנגען
און בעגייסטערט און דערהויבען
צו די שטילע ווייטע הימלען —



וואו ?...
פיעדלען, פייפען, פויקען, פלייטען,
ווילד דעם קאראהאָד בעגלייטען,
אונ עס שפרינגען פרעך און פרעכער
טאַטעס, מאַמעס, זיהן און טעכטער,
און מיט שפּאַט און ווילד געלעכטער
וואַנדערט נ אָ ך ארום דער בעכער
און עס שרייט וועך צו די כלי־זמר : —
„העכער !... העכער ! !... העכער ! !"

---

ה.

דער מלאך אויף דר'ערד

און ענדליך דערגרייכט האָט
דער מלאך די ערד,
ער האָט דעם געטומעל
דעם ווילדען דערהערט.

און ס'ציהט און עס לאָקט איהם
דער פלאַמענדער קלאַנג,
א פּאָך מיט די פליעגלען,
עס דויערט ניט לאַנג.

ער שטעהט שוין ביים טויער
פון פרעהליכען שלאָס
און זעהט דורך דעם פענסטער,
ווי ס'פינקעלט דער כוס.



עס זיעדען רובינען
אונ פערעל אין וויין
און מישען זיך אוים מיט
דער בלענדענדער שיין

פון הונדערטע לאַמפּען
און טויזענדע ליכט,
פון אויגען און בלומען
און לאַקען געדיכט.

און אַט בליצט דער בעכער
פון אַלעם אַרוים
און ס'קושען איהם ליפּען —
א רויז נאָך אַ רויז.

עס קוקט זיך דער מלאך
מיט זשעדניקייט איין
און לאָזט זיך שוין לויפען
אין פּאַלאַץ אַריין.

דאָך האַלט !... ווי בעטרעט מען
דאָם לוסט־פּולע הויז
געקליידעט אין פליעגלען
אין דימאַנטנע בלויז ? !

ער מוז פון די פליעגלען
זיך פריהער בעפריי'ן,
צו קענען אין שלאָם פון
דער תאוה אַריין.



פערבײַטען די פליעגלען
אויף סאַמעט געוואַנד
אויף מענשליכע קליידער
לויט מאָדע אין לאַנד.

נאָר פלוצים אָט זעהט ער:
געבויגען דעם קאָפ
זיך לאָזט וועך די טרעפען
די רייכע אראָפ.

און ס'האָט זיך געעפענט
א טהיר און פערמאַכט,
און שטיל איז דער פרעמדער
אַוועק מיט דער נאַכט.

עס קוקט נאָך דער מלאך
און זעהט, ווי עס שפאַנט
אַ אינגעל אַ בלאַס מיט
אַ לירע אין האַנד.

עס בליקט נאָך דער מלאך
אַ רגע און טראַכט
און לאָזט זיך אַוועק אין
דער דונקעלער נאַכט.

---

ו.

דער אויסטויש

גאַנץ טיעף, אין א שטילען און איינזאַמען טהאָל,
ביי קוועלענדע וואַסערען ריין ווי קריסטאָל,



זיך זיצען דער מלאך און זינגער פערקלעהרט.
בייביידען די אויגען די טריעבע פערטרעהרט.
און נאך א מאל שטעהט אויף דער מלאך און זאגט :
„דו האסט זיך פאר מיר אויף דעם לעבען בעקלאגט,
דער מענש איז דיר נמאס און מאוס די וועלט,
האב איך זיך, א מלאך, צום דינסט דיר געשטעלט.
איך גיב מיינע דימאנט'טנע פליעגלען דיר אפ“.
דער בלייכער ער הערט און ער דרעהט מיט דעם קאפ.
און היציגער טענה'ט דער מלאך און זאגט :
„ דו האסט זיך פאר גאט אויף דער בריאה בעקלאגט
און האסט א פערביינקטער צום הימעל געבליקט,
האט גאט דיר א מלאך מיט פליעגעל געשיקט,
וואס וויל דיך בעפרייען פון שפלות און צער
און בעט נור דיין לירע און מאנטעל דערפאר“...
עס שפרינגט אויף דער זינגער און ציטערט פון כעס :
„ניט לעסטער די לירע, ניט טרייב מיט מיר שפאס !
ניט לעסטער די הייליגע לירע, וואס האט
דערלאנגט אלע הימלען, געבראכט מיר פאר גאט.
א האלט דיינע פליעגלען, די דיאמאנטנע, האלט,
דו דעמאן אין הייליגען מלאך געשטאלט !“

עס שטעהט א פערוווירטער דער מלאך און קלעהרט :
„עס זיינען מלאכים גאר דא אויף דער ערד.
גאנץ הויך זענען הימלען געהאנגען אמאל,
איצט ליגען די הימלען גאר טיעף אין דעם טהאל.“
און ס'לאזט א פערשעמטער דער מלאך אראפ
די אויגען די פייכטע און שאקעלט דעם קאפ.

פאמעלאכען ווישט זיך פון הימעל אוועק
די בלויקייט, און ס'ווייזט זיך א ראזעווע פלעק



און ס׳שווידערט דער מלאך און ציטערט פאַר שרעק,
ער קוקט אויף דעם מזרח... און קלאָגט אויף אַ קול:
„דער מאָרגען ער טאָר מיך ניט טרעפען אין טהאָל —
איך זוך ניט קיין פריעדען, איך גאַר ניט נאָך רוה,
איך בין ניט קיין הייליגער מלאך, ווי ד ו,
די הימלען געהערען צו דיר, נור צו דיר,
טאָ נעם די פער׳כשוף׳טע פליגלען פון מיר
און גיב מיר דיין לירע, דיין געטליך געשאַנק,
און זאָל מיר דערמאָנען איהר הייליגער קלאַנג,
אַז צווישען די הימלען אין אייביגער רוה
געפינט זיך אַ מלאך, אַ ריינער, ווי דו״.

דער זינגער, דעם קאָפּ אויף דעם בוזעם געליינט
הערט איין זיך די טענות פון מלאך און וויינט.
און אונטער די בערג שפּאַרט דער טאָג זיך אַרויס
און שטרעקט זיינע אָרעם די שטראַהלענדע אויס.
עס הויבט אויף דער זינגער די אויגען און זעהט,
געפאַרבען פון מאָרגענס פערבלענדענדען שיין,
טראָגט שטאָלץ זיך אַ אָדלער אין הימעל אַריין —
שאַ... שטיל... און עס פאַלט אויס דער האַנד מיט אַמאָהל
די לירע — אַ קלאַנג ציטערט אויף אין דעם טהאָל — —
און איבער די בערג, פון די שטראַהלען בעשפּריצט,
אין בלענדענדען פאַרבען־נעץ פינקעלט און בליצט
דער זינגער, ער פלאַטערט צום הימעל...

ז.

אין טהאָל

דער העלער טאָג געהט לאַנגזאַם אונטער.
דער מערב ברענט און פלאַקערט צונטער

און איבער בערג און איבער טהאָלען
זיך ליכט און שאטען בילדער מאָהלען.
נאָר לאַנגזאַם צאַנקען אוים די שטראהלען,
א בלויע דעמערונג נעמט פאלען,
און אונטען אין דעם טהאָל דעם טיעפען
פון שטילער אבענד־רוה ערגריפען
זיך זיצט דער בלייכער מלאך־זינגער
און זינגט און ציהט מיט בלאסע פינגער
פון אוים זיין גאָלדנער אלטער לירע,
בעגלייטונג פיר זיין אבענד־שירה.

און טיעף און ריין די טענער קלינגען
און דונקלער, דונקלער נעמט עס ווערען
און יעדער טאָן פון מלאך־זינגער
פון הימעל רופט ארוים א שטערען.

מיליאָנען ליכט אין דונקלען הימעל
ברענען גרוים און זויבער,
גיסען שטילען צויבער,
רוה און דרימעל.

מיליאָנען שטערען, פרומע פלאַמען
אונטער בלויע הימלען ;
און פער׳חלום׳ט דרימלען
לענדער, ים׳ען,

פערשלעפערט קענען נור ניט ווערען
זינגער־האַרץ און לירע ;
היילינ ציהט די שירה
צו די שטערען : —



הייליגע שטערען אין דונקעלען הימעל,
איהר וואָס איהר ווייסט ניט קיין רוה און קיין דרימעל ;
לויטערע אויגען וואָס וואַכען און היטען,
די דרימלענדע פייגעל, די שפּראָצענדע בליהטען ;
די ליעבע וואָס ווערט צווישען שאָטענס געבוירען ;
די יוגענד־חלומות וואָס בלאָנזשען פערלוירען,

צי זעהט איהר ניט וואָגלען אַ בלודנע נשמה,
בעגלייט פון חרטה, געפירט פון נחמה...
בעלייכט איהר די דונקעל פערבאָרגענע וועגען,
וואָס פיהרען צום אָפענעם טויער פון הימעל,
און שיקען זאָל גאָט זיין גענאָד איהר ענטגעגען,

און זאָל איהר פערגעבען, און זאָל זי ערלעזען.
און שטיל ווי אין פריהלינג דאָס קלאַפען פון רעגען,
אין טרוים וועל איך הערען, זיך לאַנגזאַם בעוועגען
אין הימעל די טריט פון דעם זינגער
און שטיל די געלעסטערטע לירע זאָל קלינגען,
און פליסען דאָס צער־פולע ליעד מיינס זאָל גרינגער...
און גרינגער.

---

ח.

צווישען הימעל און ערד.

אין טונקעלען רוים פליהט דער „מלאך“ אַ מיעדער,
ער זעהט קיינע שטערען און הערט קיינע ליעדער,
איינאיינציגער קלאַנג נור פול צער און פול טרויער
בעגלייט איהם און גיסט זיך אַריין איהם אין אויער.
עס קלאָגט זיך דער קלאַנג און ער וויל ניט פערשטומען :
„איך וועל צו די הימלען ניט לאָזען דיר קומען“.



די אויגען פון וואָגלער מיט צער זיך פערציהען,
אַ טרער נאָך אַ טרער, ווי אַ שטערן, נעמט גליהען
און ליכטיגער ווערען דעם עלענדענ׳ס וועגען,
עס שמייכלען פול אומעט איהם שטערען אַנטגעגען : —
„די הייליגע הימלען ווערסטו ניט דערגרייכען".
און ווידער פערלעשט זיך די שיין פאר דעם בלייכען,
ער הערט נור דעם גוסס׳ען קלאַנג פון דער לירע
און ס׳הויבט אָן דער „מלאך" די ליפען בעוועגען,
דאָך וואונדערליך גרייכט צו זיין אויער דאָס קול
אזוי ווי דאָס שיפען פון טרוקענע גראָזען,
וואָס שמאַכטען נאָך טהוי און נאָך רעגען,
אזוי ווי דער גוסס׳ער קלאַנג דאָרט אין טהאָל ;
דער גוסס׳ער קלאַנג פון דער לירע.
ער בייסט זיינע פיעב׳רישע ליפען פאר וועהטאָג,
און גלוטהיגע בלוטס־טראָפען טריפען און רינען —
אין האַרצען ווערט גרינגער, דער חשך נעמט בלייכען,
אוים גאָלדענע פעדעם דער טאָג נעמט זיך שפינען —
„די ליכטיגע רגע איז ענדליך געקומען !"
און ס׳הויבט אָן דער מלאך מיט זיפצען מיט שטילע
צו וועקען דאָס האַרץ און די זינדיגע זעעלע —
צום ליכטיגען הימעל שוועבט מלאך און תפילה...

---

## ט.

### פאר׳ן טויער פון הימעל

אַ דאָרט, וואו די בלענדענדע זון איז געזונקען
אין גאָלדענעם שטויב און אין ראָזעווע פונקען,
דערהויבט זיך דער וואָגלער אַ פרייער.
די דימאַנטענע פליגלען פונאַנדערגעלאָזען,

די גאָלדענע לאָקען אין כוואַליעס צובלאָזען,
די אויגען פול הימלעשען פייער.

געעפענט אין הימעל די גאָלדענע טוי׳רען,
עס קלינגט איהם א הייליג געזאנג אין די אוי׳רען
און ס׳טראָגט זיך דער בלייכער געשווינדער,
אין נעצען פון טויזענדע פאַרבען געצויגען
זיך שליסען אין ליכט־ים צואוועהטאָגט די אויגען —
ער טראָגט זיך צום הימעל א בלינדער.

אין ליכטיגקייט האָט ער פערלוירען די וועגען,
אומזיסט, אָ אומזיסט זיך די פליגלען בעוועגען,
בעוועגען און ציהען אָהן זינען;
די הייליגע הימלען וועט ער ניט דערלאנגען,
אין בלענדענדען ליכט וועט ער בלייבען געפאנגען
און קיינמאָל קיין אויסוועג געפינען.

און ס׳הויבט אויף דער וואָגלער זיין קול און ער קלאָגט:
„בעפריי מיך פון ליכט־ים, וואָס האָט ניט קיין ברעג,
און ווייז צו די הייליגע הימלען דעם וועג!“

און ס׳ענטפערט גאָט׳ס שטימע מיט צאָרן און זאָגט:
„אומזיסט איז דיין קלאָגען, אומזיסט דיין געבעט!
איך וויל ניט און קען ניט פערגעבען דיין חטא,
דען דו האָסט די הייליגע לירע געשענדט,
די לירע, וואָס איך האָב פערטרויט דיינע הענד,
און דו האָסט דערמיט אַלע וועגען פערקערט,
וואָס בינדען די הימלען צונויף מיט דער ערד.
און בלאָנדזשען זאָלסטו דורך אָ ענדלאָזען רוים
און זוכען, און זוכען די ערד,



ווי איינער, וואָס זוכט אַ פערגאַנגענעם טרוים
און אָפט זאָל אין חשך זיך ווייזען אַ וועג,
און דיר זאָל זיך דוכטען, אַז דו ביזט בעפרייט
פון נאכט שווארצער וויסטע, נאָר ווייט זעהר ווייט,
אזוי ווי אַ גאָלדענער שטויב,
דערזעהן דיין אויג זאָל אין נאכט־שוואַרצען רוים
די ערד.
נאָר דאָס זאָל אויך זיין ניט מעהר ווי א טרוים,
און אויסלעשען וועט זיך ביי דיר אין געדאנק
אלסדינג, חוץ דער לירע'ס פערצווייפעלטער קלאנג,
חוץ'ן גוסס'ען קרעכץ;
וועסט ווענדען זיך לינקס,
וועסט ווענדען זיך רעכטס
און קיין זאך ניט הערען
חוץ'ן גוסס'ען קרעכץ.

ניו יאָרק, יאנואר 1טען, 1911.



# ביים ברעג פון סמבטיון

(האַלב לעגענדע)

די זון האָט מיט פינסטערע כמאַרעס בעדעקט זיך
און מעהר יענעם טאָג פאַר דער וועלט ניט אַנטפּלעקט זיך. —
גענומען האָט פאַרכטערליך דונערן, בליצען;
כדי זיך פון בייזען געוויטער צו שיצען,
אין פעלד האָב איך ערגעץ אַ ווערבע געפונען.

און אונטער דער ווערבע האָב איך איהם בעגעגענט:
די קליידער, די טאַרבע פאַרשטויבט און פאַררעגענט.
די שניי־ווייסע באָרד און די לאָקען צושויבערט,
דער וואַקס־געלער פנים פון ליידען צואַקערט.
אַ בעטלער — און דאָך האָט זיין אויג מיך בעצויבערט, —
אַ פייערל עפּעס אין דעם האָט געפלאַקערט,
געציטערט אין כישוף האָט דאָרט אַ נשמה.
און ער האָט בעטראַכט מיך און אָהן אַ הקדמה
מיט לוסטיגער דרייסטקייט דערצעהלען גענומען: —
„די זון איז אין מיט פון דעם הימעל געהאַנגען,
ווען איך בין צום ברעג פון סמבטיון געקומען,
און גלאַט ווי אַ שפּיגעל געפּאַסט אין די ברעגען
איז רוהיג דאָס וואַסער דאָס בלויע געלעגען, —
דער טייך וואָס האָט נאָר־וואָס מיט צאָרען געזאָטען,
געשימערט האָט ליכטיג, אין זון־שטויב בעשאָטען:
באַלד שבת — און גאָט האָט איהם שטורמען פאַרבאָטען.



„און ענדליך, איך טראכט מיר — אַ סוף צו מיין וואנדער!
אויף יענער זייט טייך שפרייט זיך ענדלויז פונאַנדער
דאָס זעלטענע לאנד, וואָס האָט אייביג געצויגען
מיין הארץ און געציטערט ביי מיר אין די אויגען,
דאָס לאנד, וועלכעס האָט מיך צום וואָגלען בעוואויגען"...

איך האָב איהם געהערט און פאַר איהם זיך געשראָקען:
פון אונטער די ווייסע צושויבערטע לאָקען
געגליהט האָבען איהם זיינע אויגען ווי קוילען,
זיין קול האָט געקלונגען פארדומפּען, אזוי ווי
ס'וואָלט ליגען וואו ערגעץ אין בוים דאָ פארהוילען.
אַ פּנים, אז ער האָט מיין פּחד פארשטאַנען,
דען ער האָט געפּלייסט זיך אַ שמייכעל מיר שענקען
און וויטער גענומען דערצעהלען: „פאַראַנען
לעגענדען... דאָך זאָלסטו, מיין ליבער, ניט דענקען
אז וואָס איך דערצעהל דיר, איז אויך אַ לעגענדע
צי סתם זיך אַ ווילדע פאַנטאַזיע, געבוירען
אין קאָפּ ביי אזוינעם, וואָס האָט שוין פארלוירען
דעם זינען,
און ס'שפּינען
אָט פון זיך אליין זיינע שווארצע דמיונות
אזוי זיך חלומות, קאָשמאַרען, זכרונות...
איך בין אויף דעם שוים פון סמבטיון געשוואומען
דאָך בין איך צום גליקליכען לאנד ניט געקומען.

„איך בין צו דעם ברעג פון סמבטיון געקומען.
די זון איז אין לויטערן הימעל געשוואומען,
בעשאָטען מיט שטראַלען די דריבנינקע וועלען;



עס שמייכעלט דער ווילדער סמבטיון, אזוי ווי
אַ חתן, ווען איהם איז די כלה געפעלען.

„דער הימעל איז איבער מיר לויטער געהאנגען....
און דאָרטען אויף יענער זייט טייך אזוי נאָהענט,
מיר דאכט זיך, אַט באַלד מיט דער האנד צו דערלאַנגען.
און ס'ציהען זיך שורות מיט בערג פאַר די אויגען
און וועלדער, אין גרין־בלויע נעפלען פארצויגען.
עס טראָגט זיך אַ ריח, א ריח גן־עדן;
צוזאמען מיט קלינגענדע פויגעלשע ליעדער,
אין הארץ פיהל איך צאַפּלען זיך טויזענדער פריידען.
— א שיפעל, א שיפעל, וואו נעמט מען א שיפעל ?!
און דאן וועט ניט מעהר ווי איין רגע געווערען,
און איידער די נאַכט לאָזט אַרוים איהרע שטערען,
די פיס מיינע וועלען דאָס טרוים־לאַנד בעטרעטען ! —

„און פרעמדער, אָ, פרעמדער ! א נס האָט געטראָפען:
דאָס וואַסער, וואָס איז ביי די ברעגען געשלאָפען,
גענומען האָט רונצלען זיך קוים,
און אָבגעטיילט האָט זיך פון שוים,
אזוי ווי אַ פערעל, אַ בלישצענדעס טריפעל
און האָט זיך פאַמעליך פונאנדערגעוואקסען, —
אַ מעער־קעפעל פריהער און נאָכדעם אַ שיפעל.

„פון פערעל דאָס שיפעל, פון זילבער דער רודער...
און גלאַט ליגט אַרום מיר, אַזוי ווי אַ שפיגעל,
דאָס וואַסער דאָס בלויע, און גרינג ווי אויף פליגלען
דאָס שיפעל מיינס פליהט זיך. געשוואומען, געשוואומען, —
און, ברודער, צום ברעג בין איך דאָך ניט געקומען !...

„עס ווייזט אויס, אז גאָט האָט בעשטראָפט מיך.
דען ס'איז ערב שבת געווען, און דער טאָג האָט
מיט איילענדע טריט שוין דעם מערב בעטראָטען,
און אַלץ האָט גערוהט שוין, ווי גאָט האָט געבאָטען, —
איך איינער געוואגט האָב זיין וואָרט צו פאַרשפּאָטען"...

זיין קול האָט געציטערט, זיין אויג האָט געברענט,
ער האָט אויף אַ רגע פאַרבראָכען די הענט,
און עפּעס אזוי ווי ארונטערגעשלונגען,
און ווידער גענומען זיין מעשה דערצעהלען.
זיין קול האָט איצט רוהיג מיט אומעט געקלונגען,
אזוי ווי ער וואָלט פאר מיר איכה געזונגען:

„די זון איז דערווייל זיך אין מערב פאַרגאַנגען.
נאָר מאָדנע ווי ס'זיינען די שטראלען געהאנגען:
אַ רגע ווי בלישצענדע גאָלדענע זאַנגען,
אַ רגע ווי ריטער פון העלישען פייער....
אך, גלויב מיר, דאָס אַלץ איז, קיין חלום קיין בייזער,
איך שווער דיר ווי גאָט איז אונז טייער!

„און ענדליך די גלוטיגע זון איז פאַרשוואונדען,
און ס'האָבען זיך איינציגווייז שטערען געצונדען,
געשליפענע קליינע קריסטאַלענע שטערען,
ניט קלענער, ניט גרעסער פון קינדערשע טרערען;
און וייט אויף דעם ברעג האָט זיך ערגעץ צעקלונגען
אַ פויגעל מיט טויזענד פארשיעדענע קלאַנגען,
אי פרעהליך, אי אומעטיג האָט ער געזונגען,
און שלוכצענדיג יעטווידע ווייל זיך פערגאַנגען.



„מיין האַרץ, וואָס געווען איז פון פּחד פאַרשטיינט,
האָט פּלוצים אַזוי ווי אַ וואַקס זיך צוגאַנגען.
און פּלוצים האָב איך זיך פונאַנדערגעוויינט...
געקלאָגט האָב איך לאַנג, און דערפיהלט האָט זיך פריי
און גרינג אין מיין בוזים דאָס האַרץ,
דען איך האָב געוויינט דאַן מיט טרערען פון בליי...

„אָ, גרינג איז געוואָרען דאָס האַרץ מיינס.
און פונקט ווי אַ קינד האָט פאַרוואָלט זיך מיר שטיפען,
און איך האָב מיין שפּיעל־צייג, מיין רודער דערגריפען,
אין וואַסער געשטעקט איהם און קרעפטיג געצויגען ;
געצויגט האָט דאָס שיפעל זיך גרינג און בעוואויגען,
געשוואומען, געשוואומען און ווידער געשוואומען,
און דאָך — צום פאַר׳כישוף׳טען ברעג ניט געקומען...

„און ס׳האַרץ, וואָס איז פריהער צעגאַנגען געוואָרען
אין טרערען, האָט איבערגעפילט זיך מיט צאָרען,
און איך האָב געשאָלטען.
אַ ציטער געטאָן האָט אַרום מיר דאָס וואַסער,
די פרומע לבנה געוואָרען איז בלאַסער ;
און איך האָב געשאָלטען און ווילד אין מיין צאָרען
אַנטקעגען דעם הימעל מיין רודער געשליידערט.
צום טייוועל ! פון רודער אַ שלאַנג איז געוואָרען...
אַ שלאַנג... פון די אויגען האָט פייער געשאָסען,
פון מויל האָט אַ שוועבעל־שטראָם בלוי זיך געגאָסען...
איך האָב זיך צולאַכט און די אויגען געשלאָסען...
און שפּעטער, ווען איך האָב געעפענט די אויגען,
האָט רוהיג דער טייך זיינע וועלען בעוואויגען,
און דאָרט, וואו די שלאַנג איז אַ פּנים געזונקען,
פון וואַסער האָט וויים זיך אַ דאַמף־זייל געצויגען



און אונטערגעשפּארט דעם פאר׳חלום׳טען הימעל.
געוויגט האָט דאָס שיפעל זיך גרינג אויף די וועלען,
און איבער מיין קאָפּ האָט געפלאַטערט דער דרימעל.

„דאָך האָט ניט געוואָלט זיך דאָס אויג מיינס פאַרמאַכען:
צו וואָס? אום צו חלום׳ען וויסטע חלומות
און דאַן פון דעם שרעקליכסטען חלום אויפוואַכען
מיט קולות פון וואַנזין, פון וואַנזין אוים מורא,
און שריי׳ן, ווי ס׳שרייט אין זיין הייל דער מצורע,
און שריי׳ן, ווען דער אמת איז טויזענד מאָל ווילדער
פון טויזענד קאָשמאַרען מיט העלישע בילדער?...

„די נאַכט איז געשוואומען, און שטיל איז געוועזען,
אַזוי אז געקאָנט האָב איך איבער זיך הערען,
ווי איינציגווייז נעמען זיך לעשען די שטערען;
און ביסלעכווייז האָט זיך דאָס הארץ מיינס בערוהיגט;
׳ן א ווינקעל פון קאָפּ האָט געפּיקט א געדאַנק:
— איך קאָן מיינע הענד דאָך ווי רודערם בעניצען. —
דאָס וואַסער איז קיהל, און די וועלען זיי — שפּריצען
און וואַשען מיין שיפעל און קושען דאָס צערטליך,
און גרינג הויבט עס אָן זיך אין וואַסער בעוועגען.
א ווייל׳ — און איך זעה שוין די דרימלענדע ברעגען.
און איך בין געשוואומען, געשוואומען, געשוואומען...
און דאָך — יענע נאַכט צו דעם ברעג ניט געקומען!...
און אויסגעשטרעקט האָב איך די הענד צו דעם הימעל
און קעגען דער קאַלטער לבנה דער בלאַסער
געטריפט פון די פינגער האָט לאַנגזאַם דאָס וואַסער,
געטריפט און געפינקעלט מיט טויזענד קאָלירען,
דימאַנטען, רובינען, קאָרעלען, סאַפּירען,
און איך האָב געלאַכט און געוויינט און געזונגען;



אַנטקעגען ביים ברעג האָבן שאָטענס געשפּרונגען,
זיך לצ'יש געדרעהט און ארויסגעשטעקט צונגען.

„און פּלוצים עס זיינען די שטערען פאַרשוואונדען,
די זון האָט זיך רויט אויף דעם מזרח געצונדען ;
די שטראַלען — זיי האָבן דאָס לייב מיינס צושטאָכען
און האָבען מיט פייער געפּילט מיינע וואונדען.
געברענט האָט דאָס הארץ מיינס אין העלישען פיבער ;
דער מאַרך אין די ביינער האָט מיר זיך געצונדען.
און אונטען, געגלאָצט פון דעם וואַסער דעם שטילען,
אויף מיר האָבען אויגען געוואונקען : דער אָבגרונד,
דעם פיבער און וואַנזין אין דיר וועט פאַרלעשען
און וועט דיינע וואונדען די ברענענדע קיהלען...
און איך האָב געפאָלגט און אין וואסער געשפּרונגען,
און, פרעמדער ! צום גרונד בין איך דאָך ניט געזונקען ;
די גלות אין מיין גוף האָט דער טייך ניט פאַרלאָשען,
דעם דאָרשט אין מיין האַרץ האָט דער טייך ניט דערטרונקען.

„איך בין אויף א נאקעטען פעלזשטיין געפאלען,
דער פעלזשטיין צוגליהט איז געווען פון די שטראַלען :
אַרום מיר קיין גרעזעל, קיין בלעטעל, קיין בלימעל,
וואָס זוכה זאָל זיין אויף אַ ברכה פון הימעל,
זאָל האָפען אויף טריפענדען טוי, צי אויף רעגען,
אַ גרעזעל, וואָס זאָל דורך אַ תפילה בעוועגען
דאָס האַרץ פון אלמעכטיגען בורא.

„אליין אויף דעם פעלזשטיין... און דאָרטען אַנטקעגען,
דאָרט אָטעמען קרעפטיג די גרין־בלויע ברעגען,
און סטעפּעס און לאָנקעס געווירצעדיג בליהען,
און וועלדער, ווי סטאַדעס פון שעפּסען, זיך ציהען,



און העל־גרינע בערג אונטער בלויע טומאַנען
אַריבער די ענדלויזע ווייטקייטען שפּאַנען;
און דאָ און דאָרט שפּאַרען פון דר'ערד זיך פאָנטאַנען,
און בלישצענדע קוואַלען זיך רוישענדיג יאָגען,
פאַנטאַסטישע פויגלען צום הימעל זיך טראָגען,
פארשווינדען און קעהרען צוריק זיך בשלום;
און טעמפּלען בעווייזען געגילדעטע טורעמס —
אָ, שען איז דאָס לאַנד, אָ, דאָס לאַנד פון מיין חלום!

„מיין האַרץ איז אין בוזעם געלאָשען געוואָרען,
און דאָרט, וואו געברענט האָט דער העלישער צאָרען,
געפלאַמט האָט אצינדער א לויטערעס פייער
פון ריינעם בטחון; געזיפצט האָט זיך פרייער,
און אַלץ אויף אַ מאָל איז געוואָרען מיר טייער, —
דער נאַקעטער פעלזשטיין דער גרויער אַפילו.
און פון זיך געגומען זיך האָבען בעוועגען
די ליפּען פון עפּעס אַ האַרציגער תפלה.

„אַז איך האָב דערוואַכט פון געבעט און בעגעגענט
דורך טרערען דעם הימעל, האָט שמיידיג גערעגענט.
די זון איז וואו אונטער די וואָלקענס געלעגען,
פון טייך איז אַ וויים־בלויער נעפּעל געשטיגען,
אַ בליץ האָט ניט זעלטען די כמאַרעס צושפּאָלטען,
אַ פלאַקער געטאָן און צוריק זיך בעהאַלטען;
א דונער האָט זעלטען די שטילקייט צוריסען.
ניט לאַנג האָט גערעגענט — און ס'האָט זיך בעוויזען
דער בויגען אין הימעל,
געפאָרבען פון טויזענד פאַרשיעדענע פאַרבען;
די זון אַ פאַרוויינטע ז'אַרוים אויף דעם הימעל, —
אַרוים, כדי שפּעטער אַ ווילע צו שטאַרבען:



דען הינטער די מערב־בערג האָט שוין געלויערט
דער אָבענד אויף איהר ; און ס'האָט לאנג ניט גערויערט —
און זי האָט גענומען פאַרגעהען, פאַרגעהען,
א ווינטעל א פייכטס האָט גענומען זיך וועהען....
און פלוצים דערהער איך פון וואסער פון טיעפען
אַ ברילען — און מיך האָט א טויט־שרעק דערגריפען, —
און, פרעמדער איך שווער דיר : דאָס איז קיין לעגענדע,
און אמת איז יעטווידעס וואָרט ביז צו ענדע...

„דער הייליגער שבת געוועָן איז פאַרגאַנגען.
צוריק האָט די מעכטיגע אומרוה געפאַנגען
דעם ווילדען סמבטיון,
און ער האָט פול צאָרען דערוואכט פון זיין דרימעל :
די כוואַליעס — זיי האָבען ווי בערג זיך געהויבען,
דער תהום האָט מיט שטיינער בעשפיגען דעם הימעל.

„דער פעלזשטיין וואָס איז אונטער מיר זיך געלעגען,
גענומען האָט וואקלען זיך שווער און בעוועגען,
'ן אויף איינמאָל מיט ווילדען גיהנום'שען קנאַלען
איז ער זיך אויף ברעקלעך פונאַנדערגעפאַלען...
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

„אז איך האָב דערוואכט, איז שטאָק־פינסטער געוועזען.
איך האָב אין די עטליכע שטערען געלעזען,
אז לאנג וועט ניט דויערן — און נעמען וועט טאָגען,
די זון וועט איהר ליכטיגקייט ברענגען צו טראָגען,
נאָר איך וועל איהר שטראַלענדיג פנים ניט זעהען :
אין סטעפ וועל איך, איידער דער טאָג קומט, פאַרגעהען,
דען טיעף אין מיין בוזעם געקלאַפט האָט די גסיסה,
דאָס הארץ האָט געשלוכצט, ווי אַ קינד אין אַ תפיסה.



„נאַר, ברודער, אומזיסט! ס'איז דער טויט ניט געקומען:
ס'האָט ווער מיך געפונען, פון דר'ערד אויפגעהויבען,
א וואַנדער־שטאָק מיר אין דער האנד דאַן געגעבען,
און וואַנדערן האָב איך פון ס'נייע זיך גענומען.
איך וואַנדער און וואָגעל אין פרעמדע מקומות,
און חלום דאָס לעבען און לעב אין חלומות..."

---

און פלוצים — ער האָט ווי מיט שטוינען בעטראַכט מיך,
ווי ס'טרעפט זיך מיט איינעם אמאָל, ווען איהם דאכט זיך
אויף עפּעס א פרעמדען, אַז ער איז זיין חבר.
ער האָט א פאַרגאַפטער געקוקט און פאַרטראַכט זיך,
און דאַן זיך פאַרנויגט און פונאַנדערגעלאַכט זיך.

און גיך איז זיין שאָטען פון אויג מיר פאַרשוואונדען,
אין הימעל די שטערען זיך האָבען געצונדען,
געפינקעלט פאַרטרערט, ווי עס פינקלען די קנויטען
פון ליכט, וועלכע ברענען צוקאָפּענס ביים טויטען.

.1915



# דער מכשף

(אַן אינדישע לעגענדע).

אין דעם ווייטען, ווייטען אַזיען,
אין אַ וואונדער לאַנד אַן אַלטען,
צווישען ריעזען בערג און פעלזען
ליגט אַ צויבער־וואַלד בעהאַלטען.

און אין יענעם וואַלד, מיט צווייגען
דיק פערפלאָכטען און פאַרשפּונען,
צווישען דונקעל גרויע סקאַלעס
האָט אַ הייל זיך איינגעפונען;

און אין יענעם הייל פערבאָרגען
האָט זייט פיעלע יאָהר געלעבט זיך
אַ מכשף דאָרט אַן אַלטער
און אַ צויבער טרוים געוועבט זיך;

רק געטרוימט האָט דער מכשף,
דאָס אין צויבער־וואַלד אין אַלטען,
צווישען זיינע ווילדע פּלאַנצען
ליעגען קרייטיכער בעהאַלטען;

און די קרייטיכער די ווילדע
האַט דער בורא דאָס געגעבען
די געהיימע קראַפט, וואָס שיינקען
קען דער וועלט דאָס אייביג' לעבען.

א.

אויף דעם בלוטיג רויטען מערב
שטאַרבען אַפּ די לעצטע פונקען
פון דעם הייסען טאָג, און לאַנגזאַם
ווערט די זון אין בלוט דערטרונקען

און א טרוימ'ריש שטילער אבענד,
ווי אַ בלויער ים צוגיסט זיך
אויף דעם אינדיש טיפען הימעל
און בעדעקט די וואונדער געגענד;

אין דער שטילקייט פון דעם אַבענד
הויבט אַ לינדער ווינד אָן בלאָזען;
— — — — — — — — — — — — —
און די ערד פון היץ פער'חלש'ט
האָט אַ זיפץ ארויסגעלאָזען.

אין אַ בלויען דונסט צום הימעל
הויבט זיך אויף אַ זיסער ריח;
און פאַר שמחה הויבט דער הימעל
אָן צו גיסען ראָסע־טרעהרען.

פון דעם בלויען ריינעם הימעל,
ווי בריליאנטען רייך געשליפען,
פאַלען זאנפט די ראָסע טראָפּען
אין דעם לופט־ים אין דעם טיפען;

און פערגעסען ווערט אין גאַנצען
גאַר די הייסע זון די ווילדע;



און עס שמייכעלט צו דעם הימעל
א פערליעבטע מילדע לאנדשאפט.

נאָר פאַמעליך ווערט די לאנדשאפט
פון דער דונקעלהייט פערשלונגען;
— — — — — — — — — — — — —
ווי בעטרונקען האָט מיט איין מאָל
די נאַטור זיך פריי צוזונגען.

נור דער צויבער־וואַלד דערווילדער
האַלט די בייזע שרעקענס בילדער
אין זיין הארצען איינגעשלאָסען.

וויל ניט הערען, וויל ניט וויסען
פון דעם לעבען, פון דעם זיסען
אין דער ווייסער וועלט פון שטראהלען.

איינגעהילט אין מרה שחורה,
אין אן אייביג שווארצער מורא,
שטעהט ער אין דער נאַכט בעהאַלטען, —

נעכט פערראומערטע און טריעבע,
אָהן א ווארעם וואָרט פון ליעבע,
אָהן א ליכט־שטראהל פון בטחון, —

נאָר דאָס איינציגע וואָס לעבט דאָרט,
וואָס בעוועגט זיך און וואָס שטרעבט דאָרט
איז דער גרייז־גרויער מכשף.



## ב.

עס ברענט פאַר דער הייל פון מכשף אַ פייער
פון צווייגען, פון בלעטער, פון טרוקענע פלאַנצען;
און ס'פליהען מיט אימפעט פון פלאַקער די פונקען
און שפּרינגען אַרום אין דער פינסטער און טאַנצען.

און ס'הויבט זיך דער רויך אין אַ וואָלקען אַ שוואַרצען,
און שפּאַרט זיך אַרוים דורך די צווייגען און שפּרייט זיך
פאַנאַנדער אַזוי ווי אַ חופּה אַ שוואַרצע
און היינגט נאָר אַ ווייל אין דער נאַכט און צוגעהט זיך.

עס זיצט דער מכשף אַנטגעגען דעם פייער,
פון עלטער און שוואַכקייט צוזאַמענגעבראָכען;
ער זיצט און ער קוקט אויף דאָס קופּערנע קעסעל
און וואַרט אַז די קרייטיכער זאָלען פאַרקאָכען.

די שנעע־ווייסע באָרד אויף זיין בוזים צופלאָנטערט,
די פלאַקס־גרויע לאָקען צופלאָכטען, צושויבערט;
די וואַקס געלע הענד אויסגעשפּרייט ווי 'ן אַ תפלה, —
בעווענט ער די ליפּען און כשופ'ט און צויבערט. —

ער צויבערט און כשופ'ט און בורבעלט משונה,
און גלאַנצט מיט די אויגען און ציטערט און פלאַטערט
מיט יעדוועדען אבר אַזוי ווי אין פיעבער,
און בלייבט אונבעוועגליך צום סוף און פערמאַטערט.

דאָך מורמלען די ליפּען די בלייכע און שעפּטשען:
„איך האָב זיי געפונען, דאָס זיינען זיי זיכער;
דאָס זיינען די קרייטיכער, פּינקטליך בעשריעבען
אין אַלטע געהיימע מכשפ'עשע ביכער,



„אין יענע געהיימע, פערשימעלטע ביכער
פון גרויסע און אלטע מכשפים פערבליבען:
„די קרייטיכער זעהן אוים ווי מענשליכע הערצער“ —
אזוי שטעהט מיט כשוף־כתב דייטליך געשריבען.“

.ג

עס ברענט פאר דעם הייל זיך דער פייער און פלאקערט;
עס הודיען די פלאמען און ס׳פליהען די פונקען
אריין אין דעם חשך און פינקלען און בלישטשען
א רגע, און ווערען אין נאכט־ים דערטרונקען.

עס קלינגט אפ אין טויט שטילען וואלד דער גערודער,
און ס׳לאזט פון דערווייטען אלם ענטפער זיך הערען
דאס גרימיגע קול פון דער העסליכער סאווע,
אזוי ווי איהר פינסטערען טרוים וואלט עס שטערען.

נאר ס׳הערט ניט דער אלטער מכשף איהר קראקען:
פארטיעפט אין חלומות פאנטאסטישע וועבט ער
פון פעדעם געהיימע בעצויבערטע וועלטען,
און געטער בעשאפט ער און הימלען דערהעבט ער.

ער זעהט אין זיין חלום: אין גאלדענעם מזרח
צושפיעלט זיך אין פלאמען דער אייביגקייטס טאגען
און אונטען זיך שטראמען די קומענדע דורות
אין ים׳ען פון אייביגען פריעדען געטראגען.

עס ציהען פארביי זיינע אויגען די דורות
ווי וועלדער געדיכטע פון ריעזיגע פאלמען
מיט גלייכע געמאסטענע טריט, וועלכע קלינגען
אזוי ווי דאס ריטעם פון הייליגע פסאלמען.



און יונג־פרויען זעהט ער מיט ענגעל־געזיכטער,
מיט זיידענע לאָקען, מיט אויגען ווי שטערען,
מיט גאָלדענע האַרפען, מיט קרענצער פון בלומען —
און פלוצים אזוי ווי פון כרובים דערהערען

זיך זיסע, האַרמאָנישע ליעדער, געפלאָכטען
אין צויבער אַקאָרדען, בעגלייטעט פון האַרפען;
און ס'טאַנצען אויף ריטמיש די יונג־פרויען פרעכטיג
און רייסען די קרענצער פאר שמחה און וואַרפען

אריין זיי אין בלויען פאנטאסטישען הימעל.
ער הערט, און זיין האַרץ אָנגעטאָנט, אָנגעצויגען,
אזוי ווי אַ פיעדעל הויבט פון זיך אָן שפיעלען
פון יוגענד און ליעבע זייט לאַנג שוין פערפלויגען.

ער זינגט מיט התלהבות פון כשוף פערבלענדעט.
אין פרעכטיגען חלום פערטראָגען פון שווערען,
פערשאָלטענעם לעבען, פון וועלקענדער עלטער, —
ער זינגט און עס קייקלען זיך גרינג זיינע טרעהרען.

עס הערט מיט ערשטוינען דער וואַלד און ער קען ניט
בעגרייפען פון אלטען מכשף דאָס זינגען;
עס הערען די פאַלמען, די אַלטע און וויעגען
זיך ריטמיש צום טאקט פון די טענער און שלינגען

די שירה פון אלטען מכשף, אזוי ווי
די דופטענדע ראָסע פון נאַכט בלויען הימעל.

— — — — — — — — — — — — — — —



און שטילער איהם קלינגען די טענער פון אלטען —
פארוויעגט איז דער וואלד אין א זאנפטליכען דרימעל.

* * *

ד.

ער ברענט פאר דער הייל זיך דאס פייער און פלאקערט ;
עס הודיען די פלאמען און ס'פליהען די פונקען
אריין אין דעם חשך און פינקלען און בלישטשען
א ווייל, און ווערען אין נאכט־ים דערטרונקען.

און ס'זיצט דער מכשף אנטגעגען דעם פייער ;
און קלאהר איז פאר איהם שוין אלסדינג און ענטשיעדען,
אט באלד, נאך א רגע, אט באלד, נאך א ווייל,
און ווי נאר דער לעבענס־טראנק הויבט אן צו זיעדען,

פארלאזט ער דאס דריקענדע חשך, דאס שווערע,
וואס הערשט אין דעם איינזאמען וואלד אין דעם אלטען,
געזעגענט זיך אפ מיט די סקאלעס די שטומע
אין אייביגען, אייביגען טרויער בעהאלטען...

און ווייט פון די בערג פון די הויכע, מיט שופרות
וועט ער דאן די בשורה דער מענשהייט צושיקען:
„דאס אייביגע לעבען, דאס אייביגע לעבען, —
„די בליהענדע אייביגקייט קומט איך בעגליקען!" —

נאר פלוצים — וואס פיהלט ער? איהם שוידערט א מורא!
עס קלאפט וואס אין הארצען און פלאטערט און שרעקט
איהם!
עס פריהרט יעדער אבר ; עס גליווערט דאס בלוט זיינס ;
א פראסטיגע ראסע, דערשפירט ער, בעדעקט איהם!



און טיעף אין זיין הארצען, דערפיהלט ער, עס רייסט זיך
א לעצטע בקשה געבונדען פון שרעקען,
און אט איז זי פריי שוין און רייסט זיך פערצווייפעלט,
נאר בלייבט אין זיין קעהל א פערוואָרגענע שטעקען...

און ס'ציטערען שווער זיינע ברעמען די גרויע,
און ס'קנייטשט זיך פאר ווייטאג דער אייז־קאלטער שטערן
און ס'בליקט פון די שטארע פערגליווערטע אויגען
דער ביטערער יאוש פארוואלקענט פון טרעהרען — — —

און זעהן האט נאר די הייל געזעהן
וואס ווייטער האט געטראפען...
אה, זאל שוין גאט דער הימלישער
קיין מענש אזוי ניט שטראפען.

דא זיעדט דער לעבענס טראנק און קאכט
און ס'הויבט זיך בלוי די פארע ;
און דארטען זיצט דער גוסס'ער
און בליקט מיט אויגען שטארע.

דא שטייגט די פארע גרינג ארויף
און ווערט אין „נישט" צוגאנגען ;
דארט שטרעקט דער שטערבענדער די הענד
דעם לעבענס טראנק דערלאנגען....

געזעהען האט די וויסטע הייל
אלסדינג ווי ס'האט געטראפען ;
אה, זאל שוין גאט קיין מאל, קיין מאל
קיין מענש אזוי ניט שטראפען...

* * *

פון דעם העכסטען בארג אין אינדיען
ווער עס קען זיין שפּיץ דערגרייכען, —
דער קען זעהען, ווי עס ציהט זיך
אין אַ וואָלקען דונסט אַ ווייכען —
פון דעם לעבענס טראַנק די פּאָרע
צו דעם הימעל צו דעם קלאָהרען;
ווי די אייביגקייט צוגיסט זיך
אין אַ ים פון יוגענד יאָהרען...

.1906

# רויטע פּערל

(די בלייבע קינדער פון דער ווייסער פּלאג געווידמעט)

א.

עס האָט די וועלט פון שלאָף ערוואַכט
און טרייסעלט אָפּ פון זיך די נאַכט
און שאָקעלט אָפּ פון זיך דעם טהוי
און וואַרפט אראָפּ פון זיך דאָס בלוי.
און איבער פעלד און וואלד און טהאָל
צוגיסט זיך לויטער ווי קריסטאָל
דעם יונגען מאָרגען'ס זונען־שיין
און ס'שמעקט מיט רויזענדופט און ווייך.

ב.

און ער, וואָס טראָגט אויף זיין געזיכט
די סאַכע פאַרב פון ווינטער ליכט,
און אין דער טיפניש פון זיין ברוסט
דעם קורצען קלאַנג וואָס איהר רופט חוסט,
בעטראכט פון אוים זיין לייוועגט צעלט
די שעהנע יום־טוב'דיגע וועלט :
דאָס ראָזע ליכט פון מזרח זייט,
די נעפּעל־בלויע בערג פון ווייט,



דאָס פרייע פעלד אין גרין געשפּרייט,
דעם יונגען וואַלד אין בליטהען־קלייד.

ג

די וועלט איז גרויס, די וועלט איז פריי...
דאָרט טראָגט אַ פויגעל זיך פאַרביי
און שטיפט פערשייט און שאַלט און רופט
און פילט מיט פריידען אָן די לופט...
און ער, וואָס טראָגט אויף זיין געזיכט
די סאַרע פאַרב פון ווינטער ליכט,
ער הערט — און ס'וועקט זיך אין זיין ברוסט
דער קורצער קלאַנג וואָס איהר רופט הוסט,
און ס'גיט מיט איינמאָל זיך אַ שטויס
ביי איהם פון הארץ און ס'שטראָמט אַרויס
אין טענער, רויט ווי לאַווא גלוט,
דאָס הערצען־ליעד וואָס איהר רופט בלוט,
וואָס איהר רופט בלוט... נאָר ס'האָט קיין ווערטה,
דען איהר רופט יעדע זאַך פערקעהרט. —
דעם דיכטער'ס הארץ וואָס פלאַמט און גליהט —
דאָס הייסט ביי אייך ניט מעהר ווי ליעד.

ד.

ווי פרעמד, ווי פרעמד איז אייך זיין וועלט!
— איהר דענקט, איך מיין געוויס זיין צעלט, —
דען איהר, איהר האָט דאָך אַ בעגריף,
(און וואָס איהר ווייסט, איז גרויס און טיעף)
אַז גאָר זיין הימעל־רוים איז בלויז
אָט פונקט זיין לייווענט־דאַך די גרויס;
ז'אז העלען ליכט און ריינעם לופט,



און פרישען טהוי און בלומען־דופט,
און פיעלעס וואָס איהם וואָלט געפעהלט,
טהיילט א י ה ר איהם אָפּ פון א י י ע ר וועלט,
דען איהר זענט רייך אין לופט און ליכט...
און צדקה טהאָן ז׳ א הייליג פפליכט...
נאָר וואָס איהר טהוט און וואָס איהר קלערט,
איז אימער, אימער נור פערקעהרט.

ה.

זיין הימעל — דאָס וואס איהר רופט דאָך —
פון אייער׳ן העכער איז אַ סך.
די זונן וואָס שטראַהלט אַראָפּ אויף אייך
מיט זיינער איז גאָר קיין פערגלייך,
דען איך האָב מיר אַ שטרענגען כלל
וואָס דיענט מיר טריי אין יעדען פאַל ;
איצט הערט : — און לאַכט מיט גיפט און גאַל —
דעם האַרץ, ערפילט מיט אַנגסט און פיין,
דעם האַרץ גיט גאָט אַ דאָפּעלט שיין ;
דעם אויג, וואס קוקט פון צער ארוים,
גיט גאָט אַ הימעל דאָפּעלט גרוים....

ו.

ס׳איז נאַכט — און איהר פון לעבען זאַט
שלאָפט איין נאָך איידער ס׳ערשטע בלאַט
פון אייער בוך איז איבערמישט —
דאָס בוך וואָס וואָלט אייך אַבגעפרישט
די יוגענד־פרייד, דעם ליעבעס־וועה,
די אידעאַלען וויים ווי שנעע,
דאָס בוך וואָס וואָלט אייך אַלץ דערמאָנט —



דאָס בוך שטאַרבט אָפּ אין אייער האַנד....
און וואָס איז גאָר ביי אייך אַ בוך ?
פּאַפּיער און טינט געקליידט אין טוך.

ז.

איהר שלאָפט — און אַלץ איז טויט און שטום.
צו פיהלט איהר ווי אייך נעהמט אַרום
אַ פּדויען אַרם, בעזאַכט און צאַרט ?
אָ, ניין, דער שלאָף ביי אייך איז האַרט.
צו שפּירט איהר דען אויף אייער באַק
איהר אָטהעם ? ניין, איהר שלאָפט געשמאַק !
איהר שלאָפט און ס׳האַרץ אייך ריהרט זיך קוים ;
איהר שלאָפט און הערט ניט ווי דער טרוים —
אַ זילבער ווייסע טירקעל טויב —
זיך צאַפּעלט אום אויף אייער שויב ;
דאָס הייל׳גע בוך, די טיעפע נאַכט,
זיי זיינען ענג פאַר אייך פערמאַכט.

ח.

נאָר ער, וואָס טראָגט אויף זיין געזיכט
די סאַרע פאַרב פון ווינטער ליכט,
און אין דער טיעפניש פון זיין ברוסט
דעם קורצען קלאַנג וואָס איהר רופט הוסט,
ער ליגט און וואַכט און שלאָפט ניט איין,
און צווישען צער און שטערען־שיין
זיין אויג זיין טיעפעם שווימט אַרום
און צינדט זיך אָן און לעשט זיך אויס
און שימערט שוואַך און פלאַקערט גרויס.



ט.

דען ס'אויג האן זעהט די שעהנע וועלט
(ניט די, וואו ס'שטעהט זיין לייוועגט צעלט).
דאָס אויג איז דאָרט אַמאָל געווען
און בלויז איהר שעהנקייט האַלב געזעהן ;
דען איך האָב מיר אַן אַלטען כלל,
וואָס דיענט מיר שטרענג אין י ע ד ע ן פאל :
אַז יעדעס גליק וואָס איז בעשעהרט
אונז האָבען, האָט נור האַלב די ווערטה.

י.

אַך, ווייט איז יענע שעהנע וועלט !
— — — — — — — — — — — — —
איהם דאַכט זיך אָפט, דאָס זיין געצעלט
איז גאָר אַ קליינע זעגעל־שיף,
די צייט — אַ ים אונענדליך טיעף,
און ס'שווימט די זעגעל שיף און שווימט
און בלאָנדזשעט ווייט און אונבעשטימט,
נאָר וואו עס זאָל ניט זיין דער וועג,
דער ים מוז האָבען ד אָ ך אַ ברעג.

יא.

און איין מאָל אין א פריהלינגס נאכט,
ער ליגט די אויגען האַלב פערמאכט,
און חלומ'ט ניט און ניט ער וואַכט.
ער זעהט — צי ס'האָט זיך איהם געדאכט,
אַז ער האָט דאן געזעהן — א בילד,
פאַנטאַסטיש און גהינם־ווילד.



יב.

ער זעהט — צי ס'דאַכט זיך איהם, ער זעהט —
א רויטע מדבר אויסגעשפּרייט;
אין ערגעץ פון דער רויטער ווייט;
אַ רייטער איינזאַם רייט און רייט;
אַ ראַבען־שוואַרצעס ווילדעס פערד,
א ווייסע גריווע ביז צו דר'ערד,
מיט גרויסע רויטע אויגען צוויי
און אַ גיהנם ברענט אין זיי;
ן'אויף אַ זאַטעל, הויך געבעט,
צונויפגעקנוילט זיצט אַ סקעלעט.
נאַר וואונדער! — וואָס בעדייט עס דען?
ער האָט סקעלעטען שוין געזעהן,
און יעדערער איז דאָך ניט מעהר
ווי ביינער טרוקענע, און דער?
און דער איז גאַר פון בלאַנקע שטאָהל,
און קוקט מיט אויגען פון קריסטאַל.
נאַר פּלוצים... און איהם פריהרט פּאַר גרויל...
עס עפענט דער סקעלעט זיין מויל —
אַ שוואַרצער קבר טיעף און גרוים —
און שפּייט אויף איהם מיט צאָרן אוים
און שפּייט איהם אָפּ מיט דריבנעם שרויט...
נאַר שרויט איז גרוי און דער איז רויט.

יג.

ער האָט מיט שוידער אויפגעוואַכט —
אין טיעפען הימעל לעשט די נאַכט
שוין אוים דאָס לעצטע שטערען־ליכט,



און ס'ווייזט דער טאָג זיין יונג געזיכט.
און ערגעץ נאָהענט פון זיין צעלט
א פויגעל מיט התלהבות טרעלט
און רופט אין גאָט'ס געבענשטער וועלט.
ער טרעט פון זיין געצעלט ארויס.
די וועלט איז שעהן און פריי און גרויס.
דאָרט בליהען בלומען אָהן א שיער
און מאַניען איהם: „נו, קום שפּאַציר!“

יד.

ער שפּרייזט פערקלעהרט און קוקט אויף זיי,
דאָך זעהט ער ניט דער ליליע'ס שנעע,
דער פיאָלע'ס שעהנע פריהלינגס־נאַכט,
דער מירט'ס בע'חן'טע נילום־פּראַכט.
זיין טיעף פערקלעהרטעס אויג זעהט בלויז
פון אלע נור די רויטע רויז.

טו.

דען יעדע בלום, ווי געטליך שעהן
זי זאָל ניט זיין, פערלירט איהר חן.
די ליליע וועלקט, די מירט פערגעהט,
די פיאָלע דאָרט און ווערט פערוועהט.
די רויז אַליין נור פלאַקערט רויט
און לאכט זיך אויס פון אַסיען־טויט.
עס שרעקט זי ניט דעם הימעל'ס גרוי,
זי דאַרף קיין רעגען און קיין טהוי,
איהר אַרט ניט וואָס די ערד ווערט שוואַרץ,
דען זי בליהט טיעף ביי איהם אין הארץ



און טעהעט אָן און גליהעט רויט —
דען זי ווערט פריש פון בלוט בעטהויט.

טז.

דער מאָרגען געהט, דער טאָג קומט אָן
מיט אויפגעהויב'נער שטראַהלען־פאָהן,
און ברייט און ווייט און ווייט און ברייט
דאָס לאַנד מיט ליכט ליגט איבערשפּרייט.

יז.

און ער, וואָס טראָגט אויף זיין געזיכט
די סאַרע פאַרב פון ווינטער ליכט,
און אין דער טיעפעניש פון ברוסט
דעם קורצען קלאַנג וואָס איהר רופט הוסט,
פערזונקען אין געדאַנקען שפּאַנט,
אַ ציערונג־שאַכטעל אין דער האַנד
מיט רויטע פ ע ר ע ל אָהן אַ שיער...
ס'איז אַ געשאַנק פאַר איהר, פאַר איהר,
דער מלכה פון דעם ווייסען רייך,
וואָס קומען וועט צו איהם צוגעהן
אין שוואַרץ געהילט, דאָס פּנים בלייך
און אויף איהר שוואַרצען קרויזען קאָפּ
פון רויטע קאַלינעס אַ קרוין;
און ס'וועט די הימלישע פאַרשוין
מיט בלייכער האַנד בעריהרען קיהל
זיין שטערען און איהם וויספּערן שטיל:
„איך בין אין דיר פערליעבט, פערליעבט!...
טאָ וואָס־זשע, זאָג, ביזטו בעטריעבט?
מיר זיינען דאָך שוין לאַנג פער'קנס'ט,

טאַ קום מיט מיר און זיי געפּאַסט,
אָה קום, מיין בלייכער, קום מיט מיר!
די שוואַרצע חופּה וואַרט אויף דיר,
אַן אַלקער אויך שוין צוגעגרייט,
מיט שוואַרצען טעפּיך אויסגעשפּרייט;
דאָרט איז פאַר אונז אַ בעט געמאַכט,
דער לאַדען דאָרט איז פעסט פערמאַכט,
און קיינער שטערט דאָרט ניט די נאַכט,
און רוהען וועסטו אין דיין בעט
און דרימלען לאַנג און שלאָפען שפּעט..."

.1910



# דער פּאַסטוך

(באַלאַדע)

„אַמאָל איז געווען אַ טשאַבאַן מיט שאָף".
פֿאָלקס־ליעדעל.

א מאָל איז אַ פּאַסטוך געוועזען,
אַ יונגער בלאָנדין, אַ פּאַרשוין,
זיין קאָפּ מיט די גאָלדענע קרויזען,
געפּאַסט וואָלט זיך טראָגען אַ קרוין.

געוואוינט אויסען דאָרף האָט דער פּאַסטוך
אליין אין אַ קליינעם קורין;
ביים טהיר אַ פּער'חלום'טע ווערבע
'ן אַ וואַסער־שטראָם קלאָהר ווי בורשטין.

דערזעהן האָט דעם גראַף'ס בת־יחידה
דעם פּאַסטוך דעם שעהנעם אמאָהל,
און באַלד זיך פּערגעסען אָן איהרע
גאַלאַנטע בעוואונד'רער אָהן צאָהל.

עס געהט אום די שעהנע גראַפיניע
כסדר פּער'חלום'ט, בעטריעבט.
דער פּאָטער בעמערקט עס און פרעגט זיך:
„אין וועמען 'ז מיין טאָכטער פּערליעבט?"



און יעדער פערליעבטער מיוחס
איהר דרינגט אין די אויגען אריין:
פערליעבט אין די שעהנע גראפינע, —
נאָר ווער וועט דער גליקליכער זיין?

און טעג געהען איבער אין וואָכען
און וואָכען אין מאָנאַטען לאנג,
די שעהנע גראַפּיניע לאכט זעלטען
נאָך זעלטענער קלינגט איהר געזאנג.

דער טאַטע, ער הערט איהר געלעכטער,
ער הערט איהר פערראומערט געזאנג,
און קושט איהר אין שטערען און פרעגט זי:
„מיין טאָכטער, וואָס איז דיין פערלאנג?

„אין וועמען, זאָג, האסטו פערליעבט זיך,
וואָס דו ביזט פערראומערט אזוי?
אָ, ווער וועט זיך גליקליך ניט שעצען,
מיין קינד, דיך צו רופען „מיין פרוי“?

„איינאיינציגער וואונק פון דיין אויג בלויז,
איינאיינציגער שמייכעל איז רעכט
פערוואנדלען דעם שטאָלצסטען מיוחס
אין דיינעם אן אייביגען קנעכט“.

די טאָכטער, זי הערט און זי ענטפערט
דעם פאָטער מיט טרויער און וועה:
„יא, אמת, פערליעבט בין איך שטערבליך,
דאָך לײדער אין קיינעם פון זיי...



פערליעבט איז מיין הארץ אין א קעניג,
אויף וועמען עס ליגט איצט גאט'ס שטראף;
זיין קרוין — בלויז די גאלדענע לאקען,
זיין פאלק — בלויז דיין טשערעדע שאף."

דער אלטער בלייבט זיצען פערגליווערט,
און שווער ווערט זיין הארץ ווי א שטיין;
די טאכטער פערברעכט איהרע הענד, און
פערגעהט זיך אין שטילען געוויין.

*

און ס'האט זיך דער טרויער פערקליבען
און גרוים זיך בעזעצט אין דעם שלאס;
און פאטער און טאכטער זיי טרינקען
בשותפות פון ליידען דעם כוס...

דער פאטער ער ליידט און אין הארצען
זיך ראנגעלט רחמנות און פפליכט...
ער קוקט אויף זיין איינציגער טאכטער
און זעהט ווי זי צאנקט ווי א ליכט.

עס שלאפט ניט דער גראף און ער קלעהרט אלץ
און פלאנעוועט רק וואס צו טאן:
זיין טאכטער, זיין גליק און זיין עהרע
איצט שטעהען ביים שיקזאל אין קאן...

און איינמאל אין ענדע פון זומער, —
א לאנגע און דונקעלע נאכט.
דער גראף ליגט מיט אפענע אויגען
און רונצעלט דעם שטערען און טראכט.



אין פענסטער קלאַפּט דריבנע א רעגען,
פון דרויסען שמעקט טוכלער גערוך ;
געדאַנקען פון שדים, מכשפות
איצט קומען צו איהם אין בעזוך.

עס פויקט אין די פענסטער דער רעגען,
עס שמעקט מיט סוף־זומער־גערוך —
עס שטעהט אויף דער גראַף פון געלעגער
און נעהמט אויסען אַלמער אַ בוך.

דער בוך איז אַן אלטער, די טאָוולען
מיט שטויב און מיט שפינוועבס בעדעקט ;
די בלעטער, אזוי ווי די בלעטער
פון אָסיען, צוקנייטשט און פערפלעקט.

דאָך וואונדעליך לאַקען די שורות,
די כמורנע, און לאָזען ניט אָפּ ;
און טיעפער און טיעפער גראָבט איין אַליץ
אין׳ם אינהאלט, דער אלטער זיין קאָפּ.

און ס׳טרעטען אַרויס אויף די בלעטער,
די געלע, לעגענדען אָהן צאָהל ;
פון וויעדמעס און בייזע מכשפים,
וואָס האָבען געוועלטיגט אַ מאָל.

פון וויעדמעס מיט וואָלפישע נעגעל
און אויגען מיט שוועבעל געפילט,
מיט לאָקען, מיט רויטע ווי פייער,
און ליפּען אין שווארץ־בלוט פערקיהלט.



ווי ס׳פלעגען די וויעדמעס פערשעלטען —
גענאָלטען האָט שטענדיג דער פלוך.
דער גראף לעזט די שווארצע לעגענדען
און שליסט מיט א שמייכעל דאָס בוך. —

*

אויף מאָרגען גאנץ פריה האָט א דינער
אין פאלאץ א וויעדמע געבראכט;
ביז אבענד האָט גראף און מכשפה
אין שמועסען געהיימע פערבראכט:

„פאראנען ביי מיר איז א פאסטוך,
וואָס פיטערט מיין טשערעדע שאָף.
איהם זאָלסטו פער׳כשוף׳ן, אלטע,
דאָך גרוויזאם ניט זיין זאָל די שטראָף!"

„פארטאָג זאָל ער נעהמען די סטאדע
מיט שאָף, און אריבער דעם בריק,
אוועק אויף די לאָנקעס די פרייע,
און קיינמאָהל ניט קעהרען צוריק".

די אלטע מכשפה פערנייגט זיך,
די אויגען איהר שימערען גרין —
די קומענדע נאכט האָט די וויעדמע
גענעכטיגט ביים פאסטוכ׳ס קורין.

*

דער פאסטוך, ער שליסט זיינע אויגען
און זיס נעהמט ארום איהם דער שלאָף,



ער חלומ'ט פון טייכען און לאַנקעס,
פון דודקעס און טשערעדעס שאָף.

און אונטער דער דרימלענדער ווערבע,
אַנטקעגען זיין אָפענער טהיר,
צולעגט די מכשפה איהר פייער
אין פלאַמען פון יעדען קאָליר.

פאַרטאָג ווערט דער פייער פערלאָשען —
עס שטעהט אויף דער פאַסטוך פון שלאָף,
און טרינקט פון דעם וואַסער־שטראָם דורשטיג
און זאַמעלט צונויף זיינע שאָף.

אַריבער דער בריק צו די סטעפּען
זיין טשערעדע גיסט זיך אַרוים,
די זונן לייכט פון הימעל אַרונטער
און שמייכעלט נשמה'דיג גרוים...

אין אבענד די זון נעהמט זיך זעצען,
דער ליכטיגער טאָג האַלט ביים סוף,
דער פאַסטוך פערענדיגט אַ ניגון
און זאַמעלט צונויף זיינע שאָף.

די שטראַהלען די לעצטע פערגעהען,
דער פויגעל פערשטומט אויף דעם בוים.
דער פאַסטוך פערנעהמט זיך זיין סטאַדע
און לאָזט זיך פאַמעליך אַ היים.



עס ציהט זיך דער סטעפּ רק און ציהט זיך,
און שפּרייט זיך אויף באַרג און אויף טהאָל,
דער פּאַסטוך ער טרייבט זיינע לעמער
און זעהט נאָך דעם שלאָס ניט צומאָהל.

די נאַכט הויבט שוין אָן זיך צו בלייכען,
שוין העפט זיך אין מזרח דער זוים
מיט גאָלד און מיט ראָזיגע שטראַהלען,
און ער איז נאָך אַלץ ניט אין דר׳היים.

און באַנג ווערט דעם פּאַסטוך, א מורא,
זיין הארץ ווערט מיט אומעט דערפילט,
דאַן ציהט ער פּאַמעליך פון בוזעם
זיין דודקע אַרויס און ער שפּיעלט.

די לעמעלאַך הערען דאָס שפּיעלען
און לאָזען ארונטער די קעפּ — —
און ס׳וואַנדערט דער פּאַסטוך און סטאַדע
אריבער אַן ענדלאָזען סטעפּ...

---

א וואַנדערער האָט ווען פערבלאָנדזשעט
אַליין אין דער געגענד ביינאַכט
און האָט מיט אַן אומעט א טיעפען
די וואונדער־געשיכטע געבראַכט...

.1911



# פערפערמדט

פון שטילענקען דערפעל, פון שעהנעם אָקריינא,
האָט ס׳מזל דאָס בייזע אהער איהם פערטראָגען,
אהער, אין דער רוישענדער שטאָדט אין דער גרויסער,
אין עלענד זיין קינדהייט און יוגענד בעקלאָגען.

די ווייסע, די ציכטיגע קליינינקע כאַטקעס,
די פריזבעס געמאָהלען מיט גרינעם און רויטען,
אין שאָטענס פון וויעגענדע ווערבעס פון גרינע,
פערגרויזעט פון נידריג־געפלאָכטענע פלויטען, —

דאָס אַלץ האָט אַ זעלטזאַמער כשוף פערוואַנדעלט
אין הויכע און ריעזיגע טונקעלע מוי׳רען,
מיט פענסטער מיט קאַלטע וואָס קוקען ווי אויגען,
וואָס האָבען אין אַלץ דעם בטחון פערלוירען.

ער וואַנדערט אַרום אין די רוישענדע גאַסען
און וואַרפט אַרום זיך די צושראָקענע בליקען ;
איהם דאכט זיך, אַז פאַלט איין אַ ריעזיגער מויער
און וועט איהם אזוי ווי אַ וואָרים צודריקען.

ער בלאָנקעט זיך אום אין די שרעקליכע גאסען,
די אויגען געשמידט צו די פייכט־קאַלטע שטיינער.
ער פיהלט, צווישען אלע די טויזענדער מענשען
וואָס האָוועען, קימערט פאַר איהם זיך ניט קיינער.



ס'איז נאַכט — — ער פערקלייבט זיך אין צימער אין וויסטען,
וואו פייכט איז די לופט, וואו עס פיהלט זיך דער שימעל;
ער ליעגט אין דעם קבר און וואַרט ער זאָל שטאַרבען,
ער ליעגט אַ האַלב־טויטער און וואַרט אויף דעם דרימעל.

אך, איז דאָס א קבר, טאָ וואָס טויג דאָס פענסטער
וואָס ווייזט איהם אַנטקעגען דעם מויער דעם גרויען?
און איז דאָס א צימער, טאָ וואס־זשע אנטפלעקט ניט
דאָס פענסטער די שטערען אין הימעל אין בלויען?

ער ליעגט און ער ווייסט ניט צי איז ער געשטאָרבען,
צי האַלט איהם אַ חלום א בייזער געפאנגען,
נאָר איהם איז אַלץ איינס סיי ער 'ז טויט סיי ער חלומ'ט,
זיין עלענדעס האַרץ פיהלט נור בלויז איין פערלאנגען:

זיין שטילינקען דערפעל אין שעהנעם אָקריינא
נאָך איין מאָל דאָס זעהען, אַ בליק טאָן פון וויטען;
זיך ווידער דערמאָהנען די קינדהייט, די יוגענד,
און דורכלעבען ווידער די גליקליכע צייטען...

שאָ... שטיל!...

צושטערט ניט דעם מיעדען זיין דרימעל דעם קורצען,
זאָל רוהען אַרום איהם גאָט'ס פריעדען, גאָט'ס שלום.
ער זעהט איצט זיין דערפעל אין וויטען אָקריינא,
געוויעגט אין די וועלען פון צערטליכען חלום.

אין נאַכטליכען נעבעל אין בלויען הויבט לאַנגזאַם
אָן איינזאמעס פייערעל אָן זיך צו שמינקלען,

און באלד געהט א צוויים'ם אויף, א דריט'ס, און א פיערטעס,
און אַט זעהט ער הונדערט שוין ציט'רען און פינקלען...

אַט בלישצעט דאָס טייכעל און ציטערט אין נאכט שיין
און שטיל זיך די וועלען די זילבערנע הוידען,
און שטיל און געהיימניספול מורמלען די ווערבעס
און הערען ניט אויף זיך בנעימות צו סוד'ען.

און אַט שפרייט דער סטעפּ זיך דער גרינער פונאַנדער,
פון טויזענד קאָליריגע בלימלעך בעשפּרינקעלט,
אויף יעדוועדער גרעזעל אזוי ווי אַ דימענט,
מיט טויזענדע פאַרבען א טהוי־טראָפּען פינקעלט.

און טיעף אוים די בלויע פאנטאסטישע שאָטענס,
פון ווייסען לבנה'יגען שיין א בעשטראהלטער,
אזוי ווי אַ „טויזענד און איין נאַכטיג" טרוימבילד,
ערהעבט זיך דער טונקעלער ווינד־מיהל דער אלטער.

און ערגעץ אין טונקעלע שאָטענס געוויקעלט,
די פעלד־קרעטשמע חלום'ט פערזונקען אין דרימעל,
און הויך אין דער לופטען, ווי שנעע ווייסע פויגלען,
צוויי וואָלקענדלעך שוועבען אַריבער דעם הימעל.

און ווייט לאָזט זיך דאָס פעלד און פערליערט זיך,
וואו ערגעץ אין נאַכט און אין נעבעל אין בלויען,
ווייט, ווייט וואו די טונקעלע בערג און די שטערען
זיך גרויסע אונשטערבליכע סודות פערטרויען.



* * *

פון ערגעץ א קוימען אין דערפעל, אזוי ווי
א סטענגגע א בלויע, דער רויך נעהמט זיך ציהען ;
און איבער דעם הימעל ווי שנעע־ווייסע פויגעל
די וואָלקענדלעך קלאָרע פאמעלעכן פליהען.

און העט ווייט אין מזרח צושפּריצט זיך דער מאָרגען
אין גאָלד־ראָזע בלייכע פערנעבעלטע שטראַהלען ;
ווי שנעע־ווייסע פויגעל די וואָלקענדלעך שוועבען,
און לאָזען פון זייערע פליעגלען וואָס פאַלען...

ווי שנעע־ווייסע פויגעל די וואָלקענדלעך שוועבען
און טראָגען דער שלאָפענדער ערד זיך אנטקעגען,
עס טריפט זיי דער נאַכט־טהוי אראָב פון די פליעגלען
און ווערט באַלד פערוואַנדעלט אין דופטענדען רעגען.

און ע ר אין זיין צימער ? — ער פיהלט אויף די באַקען
די דאַרע, די טראָפּען פון רעגען פון פרישען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פארטאָג, ווען דער רויש פון דער גאס האָט ערוואכט איהם,
געוועזען פון טרערען איז פייכט דאַן זיין קישען...
.1909

# די מתים־שיף

(באללאדע.)

"Dü bist gestorben und weist es nicht"
*Heine*

(אלע „לעבעדיגע" מתים געווידמעט.)

א בליץ פליקט דעם הימעל פונאנדער.
און אונטער דעם גאָלד־גרינעם פלאם
א שיף א צושטערטע זיך קויקעלט
אריבער א שטירמישען ים.

דער מאסט־בוים אויף שפענער צושפליטערט,
די זעגלען אויף שמאטעס צופליקט,
די שטריק און די לייטערס צופלאנטערט —
א נעץ פון טייוואָלים געשטריקט.

א הויפען פון שפענער און שמאטעס,
א הויפען פון קלאָטשע און קויט ;
אין מיטען אן עדה סקעלעטען
זיך שמועס'ט פון גסיסה און טויט.

א יעדער דערצעהלט פון זיין שטארבען,
דערצעהלט זיך אזוי מעשה־כוואט ;
קרימט איבער די גסיסה־גרימאסען
און פונקט אויף א האָר אקוראט.



דערביי פּאַלען ווערטלעך און וויצען,
און חברה ווערט פרעהלאַך און לאַכט.
און ס'מישען זיך קווויטשעס און קולות
צונויף מיט דעם שטורעם און נאַכט.

עס זינגען די ווינדען אין חשך
דאָס ליעד פון אחריות און טויט.
דער פינסטערער ים, פול התלהבות,
צוהוליעט זיך, שפּרינגט פון דער הויט.

און וועלען, ווי כמארעס ווי שוואַרצע,
זיך הויבען מיט גרויליכער מאַכט
און איילען, געבייטשט פון די בליצען,
אַריין אין דעם חשך פון נאַכט.

זיי איילען און שלעפּען די חורבה
מיט זיך אין דעם חשך אַריין — — — —
די עדה סקעלעטען שמועסט רוהיג
און הערט זיך צום ים גאָר ניט איין.

„דערצעהל אונז, ווי דו ביזט געשטאָרבען",
מאַכט פלוצים אַ דזשיקער סקעלעט
צו עפּעס אַ פּיצעל סקעלעטעל,
און ס'ווערט ערשט דאָס רעכטע געשפּעט.

„ווער זאָגט עס, אַז ער איז געשטאָרבען ? !"
מאַכט איינער און שפּרינגט אויף פון מיסט.
„געוויס לעבט ער !" ליאַרעמט אַ צווייטער
און מאַכט זיך אזוי ווי ער ניסט.



„צו ג'ונד, אויף אן אמת געגאַסען",
שפּאַסט איינער אַ פרעהליכער ליץ,
און גיט מיט דער ביינערנער האַנד איהם
אין ביינערנעם נאַקען אַ זעץ.

נאָר פּלוצים בעווייזט זיך אַ קונדס,
געקליידעט און קונציג פערשטעלט
פאַר כלומרשט אַן אמת'ן מענשען
פון יענער פערגאַנגענער וועלט.

דעם שאַרבען, דאָס ביינערנע פּנים,
מיט קלאַטשע מיט גרויער בעדעקט.
די לעכער, וואָס אונטער דעם שטערען,
מיט צוועקעם מיט אַלטע פערשטעקט.

דעם „גוף" אין צופּיצעלטע שמאַטעס
פון זעגלען פון פוילע געהילט;
אין מויל אַ שייט האָלץ פון דעם מאַסט־בוים,
אַ פּלייט איז דאָס כלומרשט, ער שפּיעלט!

ער שפּאַנט זיך אַריין מיט אַ טענצעל
און שטעלט מיט אַ גדלות זיך אָפּ,
פערדרייסט מעשה־כוואַט צו דעם „עולם"
זיין גרוי־פּאַטריאַרכישען קאָפּ.

און חברה ווערט „לעבעדיג", פרעהלאך,
עס ווערט אַ געלעכטער, אַ גרויל.
איין טרופּ מאַכט פון קולאַק אַ טרובע,
דער צווייטער אַ צימבעל פון מויל.



אַ דריטער הויבט אָן באַלאַלייקען,
אַ פיערטער צוקווייטשעט זיך סתם.
אַ פינפטער נעהמט טאַנצען און שפרינגען
אַנטקעגען די וואלען פון ים.

און אונטער די גאָלד־גרינע בליצען
דערלאַנגען סקעלעטען זיך הענד.
אַ ראָד וואַקסט און הויבט זיך אָן דרעהען
מען האַפּקעט אזוי, אַזש עס ברענט!

און פונקט אין דער מיט פון די טענצער
זיך האָצקעט משוגע'נער־ווייז,
די פּאָלעס פון „קאַפּטאַן" צופליגעלט,
דער „שטאָלץ־פּאַטריאַרכישער" גרייז.

עס טרובען די „טרובעס" און טרובען,
עס ברומט און עס וואָרטשעט דער „באַס",
עס קווייטשען די „פיעדלען" און סקריפּען,
ביז ענדליך ס'ווערט מיאוס דער שפּאַס.

דאָס טרובען ווערט שוואַכער און שוואַכער,
דער טומעל לעשט לאַנגזאַם זיך אויס.
אַ מיעדקייט בעפאַלט דער כאַליאַסטרע,
עס לאָזט ווער אַ געגעץ אַרויס.

נאָר דאָ פאַלט איין איינעם אַ נייעס,
ער טהוט זיך אַ שליידער אָן דר'ערד,
הויבט אָן זיך צו קויקלען און קאַפּען
און הירזשען אזוי ווי אַ פערד.



די מיעדע כאַליאַסטרע בעלעבט עס,
עס ווערט אַ געטומעל אַ שרעק,
באַלד הערט זיך אַ קוואַקען פון זשאַבעס,
אַ מעקען פון ציגען און בעק.

אַ קראַקען פון ווילדע וואָראָנעס,
אַ בילען פון טיטשקעס מיט הינד,
א קעצישער מיאַק, וואָס איז ענליך
צום שטילען געוויין פון אַ קינד.

מען מיאַקעט, מען כרוקעט, מען הירזשעט,
עס שפּאַלט זיך דער ים פון געשריי.
נאָר דאָ טהוט אויף איינמאָל דער קונדס
אַ הענערשען הילכענדען קרעה.

אַ קרעה... און צום ווילדען געטומעל,
צום פרעהליכען שפּיעל נעהמט אַן עק.
„עס טאָגט שוין! עס טאָגט שוין ! !" שרייט איינער,
און פאַלט ווי אַ סנאָפּ באַלד אַוועק.

"עס טאָגט שוין !..." קרעכצט אוים גלייך אַ צווייטער
און פאַלט און צושיט זיך אין מיסט.
„עס טאָגט ! !..." און די טרופּען צופאַלען,
פערשטומט בלייבט די חורבה און וויסט...

* * *

דער מאַסט־בוים אויף שפּענער צושפּליטערט,
די זעגלען אויף שמאַטעס צופליקט.
די שטריק און די לייטער'ס צופּלאָנטערט —
אַ נעץ פון משחיתים געשטריקט.

בלויז איינער, דער קונדס דער קלוגער,
וואָס האָט פאַר אַ מענש זיך געמאַכט.
אליין בלייבט אַ צינד מיט די טרופּען
אין שטורעם, אין חשך פון נאַכט.

און וועלען, ווי פינסטערע טורמעס,
זיך הויבען מיט גוואַלדיגער מאַכט.
און ס'שמייכעלט דער הימעל מיט פייער
און כמורעט די ברעמען און לאַכט...

.1911



# דער פערזונקענער קלויסטער

פאָלקס לעגענדע.

יעדע נאַכט אום צוועלף דעם זייגער,
ווען אין שטערען איינגעטונקען
פלעגט דער בלויער הימעל היינגען,
און אין טרויער ווי פערטרונקען

איז דאָס שטעטעלע געלעגען,
פלעגט גאנץ פלוצים זיך דערהערען,
ווי פון אונטער דר'ערד, פערדומפפען
שטייגען צו די בלויע שטערען,

צו דער שווימענדער לבנה,
מעלאַנכאָליש שטילע קלאַנגען,
אויסגעמישט מיט הייסע תפילות
און מיט פרעפלענדע געזאנגען.

און איז ערגיץ אין אַ שטיבעל
קראַנק און שלאָפלאָז ווער געלעגען,
פלעגט דער צויבערליכער כאָרוס
ווי אַ כשוף איהם פערוויגען.

צוועלף מאָהל צוועלף פערדומפפטע קלאַנגען
פלעגט דער קראנקער מוזען ציילען ;



צוועלף מאָל צוועלף פערשטיקטע קלאַנגען,
און דעם קראַנקען פלעגט דאָס היילען.

און דערציילען פלעגט די באָבע,
אַז געהערט האָט זי פון לייטען,
אַ חריפות׳דיגע מעשה,
וואָס פּאַסירט האָט דאָ פאַרצייטען.

אין דעם שטעדטעלע, דערצעהלט זי,
האָט צוריק מיט פיעלע יאָהרען
זיך בעזעצט אַ גרויסער צדיק,
און איז גלייך בעריהמט געוואָרען.

פון דער גאַרער וועלט חלאים
פלעגען צו דעם צדיק פאָהרען,
פלעגט ער נאָר אויף זיי אַ בליק טהאָן, —
זיינען זיי געהיילט געוואָרען.

און אַפילו פּריצים, גראַפען,
און אַ סברה, אַז מלכים
פלעגען קומען צו דעם צדיק,
צו דעם וועלט בעריהמטען חכם.

לאַנג געלעבט האָט אונזער צדיק
און איז אַלט און שוואַך געוואָרען,
אָפּגעלעבט האָט אונזער צדיק
און איז נפטר דאָ געוואָרען.



בעדאָרף פונקט זיך דאַן אַ געשיכטע פּאַרלויפען,
פון דאָרף דאָרף אַ אידיש מיידעל אַנטלויפען,
און קומען אַהערצו זיך שמד׳ען.
די גוים, ארוים פון די דערפער, פערשטעהט זיך,
אויף זיי איז אַ שמחה, מען טרינקט און מען גרייט זיך
צו מאַכען גוואלדאָוונע פּאַראַדען.

אַ קליינינקייט, נאָך אַ פּאַראַסקע אַ פרומע,
בעקעהרט צו דעם „יאָויזעל" אַ בלודנע נשמה,
— נו טאַקי וואָס ווייס דער חאַמולע —
און פול איז דער קלויסטער געפּאַקט מיט ערלים,
שוין גרייט האלט דער גלח די נויטהיגע כלים
צום שמד. ס׳איז אַ פינסטערע גדולה.

די גלעקער פון קלויסטער, אַט, אַט זיי צושפּרינגען,
דער גלח ער פּרעפעלט, די דיאַקאָנעס זינגען,
א כלל עס געהט צו מיט פּאַראַדיק.
אויף איין מאָל, עס הויבען זיך אידען אָן שיטען
אָהן שיעור און אָהן ערך, און פונקט אין דער מיטען
ציהט לאַנגזאַם די מיטה פון צדיק.

עס ציהען זיך מענשען אזוי ווי אַ כמאַרע,
מיט אבל געזיכטער, מיט בליקען מיט שטאַרע,
אַ גרויל אזש נעהמט דורך אַלע ביינער.
דער הימעל איז פינסטער, איז פינסטער א מורא,
עס הייגט אין דער לופטען א טויט מרה־שחורה,
עס וויינען אויף דר׳ערד אַזש די שטיינער...



און דאָ האָט דער סטאַראָזש פון קלויסטער דערזעהען,
„אַט זעהט נאַר, גראַמאַדאַ, די זשידעס דאָרט געהען
אַהער אונזער שמחה פערשטעהרען!“
און באַלד איז דער גלח אַרוים מיט דעם צלם,
און נאָך איהם די גאַנצע גראַמאַדאַ ערלים, —
נו וואָס איז מיין קינד דאָ צו קלעהרען.

געפאַלען ׳ז אַ טויט שרעק אויף יעדען בעזונדער
און טאַקי, איך לעבען, וואָס איז דאָ דער וואונדער,
מען איז נעביך רק אין דער מורא.
נאָר וואָס טהוט אַ איד שוין אין גרעסטער סכנה?
ער נעהמט אלם כלי־זיין זיין אַלטע אמונה
און ווענדעט נאָך הילף זיך צום בורא...

עס שפּאַרט זיך פון קלויסטער צופלאַקערט פון צאָרן
די ווילדע גראַמאַדאַ. „מיר זיינען פערלאָרען“,
הויבט יעדערענס האַרץ אָן צו שפּירען.
דאָך שפּאַרט זיך דער עולם און קלעפּט צו דער מיטה,
„דער טומאה, מען טאָר איהר ניט געבען קיין שליטה
דעם הייליגען מת צו בעריהרען!“

נאָר פּלוצים, עס נעהמט זיך פּאַמעליך באַוועגען
די לייכע וואָס איז אויף דער מיטה געלעגען.
אַט נעהמט ער די אויגען זיך רייבען,
אַט זיצט ער שוין טאַקי, עס דונערט זיין שטימע:
„פערזינקען זאָלט איהר, מיט דער פּיגסטערער טומאה,
קיין זכר פון אייך זאָל ניט בלייבען!“



און באלד שליסען צו זיך צוריק זיינע אויגען,
ער ליגט שוין ווי פריהער, פארשטארט אויסגעצויגען,
פערלאָשען די הייליגע פונקען...
עס האָט ניט אַפילו קיין רגע געגומען,
אויף זיי איז די וויסטע מפּלה געקומען;
דער קלויסטער איז באלד איינגעזונקען...

עס זיינען שוין יאָהרען און יאָהרען פערגאנגען,
און יעדער נאכט הערט מען פערדומפּפענע קלאנגען
פון אונטער דר'ערד שטייגען צום הימעל.
— — — — — — — — — — — — — — — —
לאנג לאנג האָט די באָבע דערצעהלט מיט אַ ניגון,
ביז וואנען זי פלעגט מיך פּאַמעלאך פערוויגען,
אין זיסען און זאנפטליכען דרימעל...

.1907

# הגר

א פייער־ים האָט זיך דער מדבר געצויגען,
עס האָט זיך קיין איינציגער זעמדעל בעוואויגען,
גהינם׳דיג היים איז דער הימעל געהאנגען,
מיט שטעכיגע שטראַהלען ווי גיפטען פון שלאַנגען.
היינט וועט זיך קיין טראָט פון קיין וואנדערער הערען,
די טויטקייט פון מדבר וועט קיינער ניט שטערען...

איינאיינציגער לייב נור —
א צייט ניט געוואָלט האָט אין גאַנצען פערשטומען,
פול צער און פול צאָרען געהילכט האָט זיין ברומען;
אזוי שרייט אין איינזאַמען צעלט א מצורע,
וואָס זוכט אין זיין עלענד די הילף פון דעם בורא,
און זוכענדיג וויל ער אין גרוילענדען שרייען
פאַר אייגעם שוין פון ענדלאָזען צער זיך בעפרייען.

און ענדליך איז שטיל שוין...
נאָר וואונדער, ווער וואגט עס דעם מדבר בעטרעטען ?
ווער וואגט פון דער ווילדער געפאַהר איצט צו שפעטען ? !

א פרוי !...
די שקלאַווין, די שעהנע פון רייכען אברהם׳ען,
ס׳איז הגר... דעם מדבר בעקאנט איז דער נאָמען.

אַ, היים פלעגט אברהם זי און פייעריג ליעבען.
איצט האָט ער דִי שעהנע עגיפּטין פערטריבען.

אַ פרוי און א מוטער...
און גרויס איז דער מדבר און היים אונגעהייער,
עס מבול׳ט דער הימעל גהינם׳שען פייער,
דאָך איז פון דער מדבר פיעל גרעסער די קנאה,
און הייסער, פיעל הייסער אין הארצען די שנאה,
צו יענער וואָס איז אין איהר צעלט זיך פערבליבען,
די איינציגע וועמען אברהם וועט איצט ליעבען....

* * *

און פייעריגער גיסט זיך דער מדבר פאנאדער,
און מיעד איז שוין הגר פון ענדלאָזען וואנדער,
און פונקט ווי דער זאמד פון דעם מדבר, איז טרוקען
איהר לאָגעל. און פייער־דור׳שטיגע קוקען
די אויגען און זוכען אַ קוואַל וואו אַ קיהלען,
די דורשט פון איהר קינד, פון איהר ליעבען, צו שטילען.

נאָר טויט איז דער מדבר...
און ס׳האָבען זיך פלוצלונג פערלאָשען די אויגען,
עס האָבען די קניען צום זאמד זיך געבויגען ;
דעם מדבר האָט הגר איצט איבערגעגעבען
דאָס ל ע צ ט ע  וואָס זי האָט פערמאָגט נאָך אין לעבען.
און דאָ אין דעם גליהענדען זאמד זאָל עס ליגען
און זאָל עס דער מדבר, דער ווילדער, פערוויגען...

און אויפגעהויבען האָט זי איהר קול.
אזוי שרייט אין איינזאמען צעלט דער מצורע,

וואָס זוכט אין דעם עלענד די הילף פון דעם בורא,
און זוכענדיג וויל ער אין פיינליכען שרייען
פאַר איינם שוין פון ענדלאָזען צער זיך בעפרייען.

און גאָט האָט געהערט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

און פייעריג שפּרייט זיך דער מדבר פונאנדער;
דאָך הגר טרעט ווידער דעם וועג פון איהר וואנדער...

.1907



# מים המאררים

ובאו בה המים המאררים למרים
וצבתה בטנה ונפלה ירכה, ותיתה
האשה לאלה בקרב עמה.
(במדבר, נשא.)

און ס׳וויעגט זיך פאר איהר כמארנעם בליק דאס טונקעל־
גרויע קרוג,
און ס׳בלישעט שווארץ דאס סם ארוים פון ראנד.
א בייזע שטימע פלאטערט איבער איהר... זי הערט און
שטרעקט
פערציטערט אוים פון קרוג איהר קאלטע האנד.

און פינסטער שפיגעלט זיך איהר שווארצעס אויג אין גיפט־
געטראנק,
און ס׳פאלט א לעצטע טרער — איהר לעצטער שטראהל —
און דאן, פערווארפט זי דרייסט איהר שאנד־געדעקטען קאפ
און טרינקט —
ווי איינער, אין דער מדבר בלאנזשענדיג, פער׳חלש׳ט זינקט,
א דורשטיגער ביים זוים פון וואסער קוואל,
און טרינקט און טרינקט —

זי טרינקט.
און דאך דער ווינקעל פון איהר רעכטען אויג בעמערקט, ווי
ס׳געהט
די זון אראב די לעצטע מערב־טרעפ.
און פון די בערג ארום די סטאדעס טראגען זיך צום שטאדט,
און ס׳אטהעמט הינטער זיי דער פרייער סטעפ.



דאָס לעצטע ליכט... און דאַן צופליִיצען וועט זיך איבער דר'ערד
א נאַכט, פער'חלום'ט טיעף און טונקעל־בלוי,
און זינגען וועט אין טהאָל די נאַכטיגאַל איהר הארציג ליעד,
און טרינקען וועט מיט דורשט די רויז דעם טהוי.

און ער? אין שאטען פון רואיגען, טיעף אין נאכט געהילט,
אן איינזאמער וועט זיצען דאָרט פערשטייִנט,
זיין שווארצער קאָפּ — א שווארצע מאַרע צווישען פעלזען צוויי —
אויף זיינע הענד אין טרויער אָנגעלעהנט.
אינאיינעם האָבען זיי דעם צויבער־וועג געטראָטען,
און טרעטענדיג געפליקט די רויטע רויז פון זינד,
די רויטע רויז, וואָס רופט און ציהט
און איז אזוי פערבאָטען.

* * *

דעם לעצטען טראָפּען אויסגעזופּט — און ס'גיסט זיך אוים א נאַכט,
נאָר ניט פער'חלום'ט טיעף אין מילדען שטערען שיין —
דאָס גיסט זיך איבער איהר אַן ענדלאָז גרויסער חשך־ים —
און זעה! די בלייכע האָט די שעהנע אויגען איהרע צוגעמאכט,
און טרינקט דאָס חשך, ווי געוועזען וואָלט עס רויטער וויין;
דען וואָס האָט פאר א ווערט דער איינער קרוג, דאָס ביסעל סם?!
איהר דורשט איז ווי דער מדבר גרוים און קאָרג ווי פיעל זי טרינקט...
זי טרינקט — — און אונטער איהרע פיס א שכור'ע, די ערד,
זי וואַקעלט זיך און זינקט און זינקט און זינקט...

1913.

# לאה

„ויהי בבוקר והנה היא לאה!"

פערענדיגט האָט ביים מערב־ברעג די זון איהר לאנגן וואנדער
און איבער'ן הימעל־פעלד די נאַכט, די שטערען טרייבט
פונאנדער.

אַ בלויע דונקעלהייט נעהמט ארום די וועלט מיט רוה און שלום
און פון דעם הימעל לאָזט זיך פליהען צו דר'ערד דער ערשטער
חלום.

און אונטען אין דער פינסטערניש, ווי ווייסע חלום־וועלטען,
פערוואָרפען אין אַ שטילען טהאָל זיך שפּרייטען לבן'ס צעלטען.

* * *

מיט שלאָף און דונקלהייט אָנגעזאָפּט די צעלטען דרימלען
אַלע,

און נור אין יעקב'ס ארעם ליגט נאָך וואך די בלייכע כלה..
און שטיל אַרום — נור אומעטיג דער נאכט־ווינד הויבט אָן
וועהען,

די פּאַלמען רוישען איבער'ן טהאָל. „זיי וויינען", דוכט זיך
לאה'ן.

זיי וויינען, דען שוין לעשען זיך אין הימעל אוים די שטערען;
זיי וויינען אויף דעם נייעם טאָג וואָס דארף געבוירען ווערען...

* * *

און שטיל אַרום — — —
נור דורך דער נאַכט, עס זיפצט דאָס גראָז און ציטערט : —
אומזיסט האָט יעקב זיבען יאָהר דאָ לבן'ס שאָף געפיטערט,



פון רחל׳ס־וועגען האָט זיך גרינג זיין שטאָלצער קאָפּ געבויגען,
און ליכטיג זענען, איבער איהם, די טעג און נעכט פערפלויגען;
דען זון און שטערען האָבען נ ו ר געברענט אין רחל׳ס אויגען..

* * *

עס שוועבט די שטילע נאכט און ציהט אריבער לבן׳ס גיטער,
און שטערען בלייכע שימערען און צאנקען מיט א ציטער.
און באלד וועט אויף דעם מזרח זיך דער טאָג פונאנדערגליהען;
פאר איהר וועט אָבער זיך די נאכט כסדר ציהען, ציהען...
און אָהן איין שטערען איבער איהר דער המיעל וועט זיך
בויגען,
איין שטראהל בלויז פאלען וועט אויף איהר און גלייך פער־
לאָשען ווערען —
אזוי פערלעשט זיך אין דער נאכט א פאלענדיגער שטערען—
— — — — — — — — — — — — — — — — —

א בלייכע שוועבט די נאכט און ציהט אריבער לבן׳ס גיטער
דעם לעצטער שטערען שימערט קוים און לעשט זיך מיט א
ציטער...
.1912





# אויף אלטע וועגען

איך דארף נור צוויי העל בלויע קינדערשע אויגען
א שמייכעל טהון זאָלען צו מיר,
און כ׳וואנדער שוין איבער געשלענגעלטע סטעזשקעס
וואָס פיהרען אוועק מיך צו איהר.

איך וואנדער און איבער מיר שימערען שטערען,
און רונד ארום אטהעמט די נאכט.
איך קום און איך טרעף זי אין טרוימען פערזונקען;
די אויגען די פרומע פערמאכט.

און וואנדערען נעהם איך אריבער די גאסען,
די טריט מיינע הערען זיך קוים,
איך בלאָנזשע און זעה ווי עס שפינט און עס וועבט זיך
איהר ווייסער, איהר כשר׳ער טרוים...



איך וואנדער און וואנדער און קום צו א חורבה
און קלאפּ דאָרט וואו אַן אין א טהיר.
און זי, מיט ליכט אין דער האנד, א בעטריבטע,
א בלייכע, בעווייזט זיך צו מיר.

איך גלעט איהרע ראב־שווארצע זיידענע לאָקען,
איך קוש איהר פערטרויערט געזיכט;
און קלאָהר ווי א דימאנט א טרער פאלט ארונטער
און לעשט אוים דאָס פינקלענדע ליכט.

אין פינסטערניש וואנד'רען מיר ביידע צוזאמען
אריבער די גאסען בעזאכט;
וואו ס'דרימלען די חורבות ווי אלטיטשקע באָבעס,
די אויגען די דונקלע פערמאכט.

און זי נעהמט מיר איבערדערצעהלען פון אָנהויב
די שעהנע לעגענדען אָהן צאָהל,
און ענדיגט מיט יענער פערליעבטער פרינצעסין,
וואָס וואוינט אין א שלאָס פון קריסטאָל: —

און איבער איהר שפינען זיך ים־בלויע הימלען
און שפרייטען זיך ליכטיג און גרוים.
די שעהנע קעהרט אבער אוועק איהרע אויגען, —
זי קוקט אויף איהר שעהנעם ארוים...

און ס'צינדען זיך זונען, און ס'גילדען זיך שטערען,
עס בליהט און עס וויאנעט די רויז.
די שעהנע הויבט אויף איהרע אויגען פערוואָלקענט, —
זי קוקט אויף איהר ליעבסטען ארוים...



דאָ ענדיגט די בלאַסע איהר שעהנע לעגענדע,
א שמייכעל בעפּארבט איהר געזיכט,
און העל ווי א בליץ שלאָגט א בליק אוים די אויגען
און צינדט דאָס פּערלאָשענע ליכט.

מיר וואנד'רען, און איבער אונז שימערען שטערען
און רונד ארום אטהעמט די נאכט,
פון אונטער די חורבות אויף מארמאָרנע זיילען
שטעהט אויף די געפאלענע פראכט...

עס הויבען פון שטויב זיך געגילדעטע טורעמס
און שטרעקען צום הימעל זיך אוים.
עס שמייכעלט מיין בלאסע: „די שעהנע פרינצעסין
דארט קוקט אויף איהר ליעבסטען ארוים..."
1911



## שעהנע, שעמעוודיגע פרוי

שעהנע, שעמעוודיגע פרוי,
מיט די אויגען הימעל־בלוי,
מיט דעם שמייכעל זיס און פרום, —
שעהנע צנועה קום, אַ, קום,
בויג אביסעל איין דעם קאָפּ,
לאָז די אויגעלאך אראפּ —
אָט אזוי, אַ, שעם זיך שעם:
זאָל דיין חנ׳עוודיגע ברעם
ווארפען אויף דיין פרום געזיכט
שאָטענס דורגעוועבט מיט ליכט.

פונקט אזוי האָט אויפגעוואכט
נאָך דער ערשטער פריהלינגס נאַכט,
נאָך דעם ערשטען פריהלינגס טרוים,
אין דעם שפּאָגעל־נייעם רוים
דאָס פערגאפטע מאָרגען־ליכט.

אָט אזוי האָט ס׳ערשטע מאָהל
אויפגעבליהט די רויז אין טהאָל
און פערשעמט זיך אומגעקוקט
און צום גראז דעם קאָפּ געבוקט.

שעהנע שעמעוודיגע פרוי
מיט די אויגען הימעל־בלוי,
מיט דעם שמייכעל זיס און פרום, —
צנועה שעהנע, קום, אַ, קום!

דען דאָס ערשטע מאָרגען ליכט
האָבען וואָלקען גרוי־געדיכט
פיעלע מאָהל שוין צוגעדעקט
און מיט בליצען פארב בעפלעקט.
און די ערשטע פריהלינג־רויז
אויפגעבליהט האָט איין מאָהל בלויז,
און געוועלקט שוין פ י ע ל ע מאָהל
צווישען געלע גראָז אין טהאָל.

דו נור, שעהנע צנועה מיין,
טראגסט דעם הימעל׳ס ערשטען שיין,
טראגסט דער ערשטער ראָזא׳ס חן...
און דו ווייסט עס ניט אליין.

שעהנע שעמעוודיגע פרוי
מיט די אויגען הימעל־בלוי,
מיט דעם שמייכעל זיס און פרום, —
זאָג, וואו ביזטו? קום שוין, קום!

1912

## בעהאלטענער צער

און חנה׳לע שלאָפט ניט און חנה׳לע טראכט:
עס איז דאָך ביי איהם היינט די חתונה־נאכט.
ער האָט שוין אודאי פערגעסען אָן מיר.
א קלייניגקייט, עפּעס אַן אידים ביים גביר,
ביים עושר פון שטעטעל, און זי איז דאָך בלויז
א מיידעל פון סתם א קבצנ׳ישער הויז.
און ווער איז איהר טאַטע? דער שמש פון קלויז;
און וואָס איז איהר מאַמע? א פשעקופקע בלויז.

און איז ער געקומען אין קלויז אריין ווען,
איז ער דאָך געקומען לערנען, — ווי דען?
און פלעגט אמאָהל נעהמען איהם לאנגווייל'ען דאָרט,
און ער פלעגט ארונטער צו רעדען א וואָרט
מיט איהר, צו דער מאַמען, נו וואָס־זשע, דערפאר
איז עמעצער שולדיג אז זי איז א נאר?...

איהר בריה׳שאפט האָט ער אנומעלט געלויבט,
האָט זי שוין, דער נאר, אויף אַן אמת געגלויבט,
אז ער איז דערמיט עפּעס אויסען געוועז:
ער שדכנ׳ט צו איהר זיך, אודאי, ווי דען?



אין קלויז אריין וועט ער ניט קומען שוין מעהר,
אין ג ב י ר ' ש ע ר שוהל וועט ער געהן מיט דעם שווער;
אין גביר'עשער שוהל... נו, טאָ זאָל ער זיך געהן!
עס ארט זי אודאי, זי קען דאָס בעשטעהן...
און זי?... זי וועט ד ו ק א אין הויף אריין געהן,
ניט אויפהערען ג ר אָ ד פאר דער גביר'טע צו נעה'ן!
און וועט זי איהם דאָרטען בעגעגענען ווען,
וועט זי איהם בעגריסען גאנץ דרייסט, נו, ווי דען?
און וועט ער זי פרעגען: ווי פיהלט זי איז ג'זינד...
ווי געהט די פרנסה דעם טאַטען אצינד?
וועט זי איהם גאנץ העפליך בעדאנקען דערפאר,
זיך גאָר ניט „באלמוטשען". וואָס איז זי, א נאר?
זי וועט איהם נאָך פרעגען: „געפעלט דער מאדאם
ם'געגנעה מיינס?" — ער קעהר דאָך ניט וויסען מסתם,
אז זי האָט פאר איהר אלע ציכען געמאכט,
די קישען, אויף וועלכע זי רוהט יעדער נאכט, —
נאָר וויים איך, מען האָט דאָך בעצאָהלט איהר דערפאר.
און — שטיל אין דער פינסטער צעוויינט זיך דער נאר...
1908

# א בעגעגעניש

עס דרימעלט די מאמע, עס דרימעלט דער טאַטע.
א שלאָפלאָזע ליעגט נור אין אלקערעל זלאַטע.
זי האָט היינט דעם גלח׳ס פּאַניטשעל בעגעגענט;
ער האָט זי בעגריסט און זיך ליעבליך געזעגענט.
ער קומט איצטערט אָן פון א ווייטען מהלך...
ער לערענט עס דאָרטען אויף דאָקטאָר צו גלח.

ער האלט אין שטודירען, ער געהט אין די קלאסען.
ווי שעהן די סטודענטישע קליידער איהם פּאסען,
ווי חנ׳עוודיג ס׳שמייכלען די בלויע צוויי אויגען,
ווי שטאָלטנע ער האָט זיך פאר איהר דאָס פערבויגען!
איהר דאכט נאָך, אויב זי האָט איהם ריכטיג פערשטאַנען,
האָט ער זיך געוואונשען מיט איהר צו בעקאַנען —

זיך נעהנטער בעקאַנען... אוי, גאָט זאָל ניט שטראפען,
ווי קען זי גאָר טראכטען, ווי טאָר זי גאָר האָפען!
און טיעף גראָבט זי איין זיך אין קישען דערשראָקען — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
גאַנץ ווייט ערגיץ קלינגען פון קלויסטער די גלאָקען...

1912



## מתנות

א זאַנטיקעל האָט מיר מיין ליעבסטער געקויפט,
א זיידענס מיט בליאַנדען און שפּיצען.
כדי ווען איך געה אויף דער גאס, פון דער זון,
מיין פּנים, מיין שעהנעם, צו שיצען.

מיט גדלות פלעג איך דאן שפּאצירען, כדי
די חבר׳טעס מיינע צו שטעכען...
אוי, ווער האָט געקענט זיך דאָס ריכטען אויף איהם,
אז ער זאָל דאָס הארץ מיינס צוברעכען?

איצט טראָג איך דאָס זאַנטיקעל מיינס, אָבער ניט
פון זון צו בעשיצען מיין פּנים,
כ׳פערשטעל זיך די אויגען דערמיט, ניט צו זעהן
ווי ס׳לאכען פון מיר מיינע שונאים.

א זייגערעל האָט מיר מיין ליעבסטער געקויפט,
א גאָלדענס מיט שעהנע גראַווירען,
כדי איך זאָל וויסען די צייט, ווען מיט איהם
אין וועלדעל זיך לאָזען שפּאצירען.

געוועזן אוי, א זייגערעל איז דאָס געווען,
אָט גאָר פון די זעלט׳נע אנטיקען,



די חבר'טעם פלעגען פאר קנאה מיך שיעור
פערברענען מיט זייערע בליקען.

איצט זיץ איך און הער זיך צום זייגערעל צו,
ווי ס'רוקען זיך שטיל די סעקונדען,
און לאנג ווי די ווינטער־נעכט ציה'ן זיך פאר מיר
די שווערע, די שמערצליכע שטונדען.

*

פאטשיילקעלאך האט ער מיר זייד'נע געקויפט,
געבראכט אזש פון ווארשע צו פיהרען;
די חבר'טעם פלעג איך ארויסנעהמען פראסט
די אויגען מיט זיי'רע קאלירען.

איך האב זיי געוואשען און גראד פאר דעם הויז
צו טריקענען רק אויסגעהאנגען:
„נאט זעהט אויף ציקאוועסט!" און מיר פלעגט דאס הארץ
פאר נחת אזש ווערען צוגאנגען.

איצט וואש איך די זיידענע טיכעלאך, אוי!
אין הייסע, אין זודיגע טרעהרען,
נור כ'הענג זיי שוין מעהר ניט ארוים, ס'איז אומזיסט:
זיי קענען שויז טרוקען ניט ווערען.

.1910



## ציגײַנער

„פֿערלעש דאָס לעמפּעל, טאָכטער,
אונ שפּאַר צו די טהיר און לאַדען.
איך שרעק זיך, גאָט זאָל היטען,
ביינאַכט קען זיין א שאָדען".

„פֿאַרנאַכט איז אָנגעלאָפֿען
אין שענק צו יודעל „ווײנער",
עס ווײס דער רוח פֿון וואַנען,
א באַנדע פֿון ציגײַנער".

„איצט טרינקען זיי און טאַנצען
און זינגען ווילד און שפּיעלען,
איך פֿיהל אין מײנע גליעדער
דאָס בלוט מײנס ממש קיהלען".

דאָס מײדעל לעשט דעם לאָמפּ אויס
און שליסט צו טהיר און לאַדען,
„ צ י ג י י נ ע ר ! " — גאָט זאָל היטען,
ביינאַכט קען זיין א שאָדען.

אין געסעל געגען איבער;
אין שענק ביי יודעל „ווײנער",

שפּיעלט פיעדעל און באַנדורע
און ס'הוליענען ציגיינער...

דעם אָטהעם איינגעהאלטען,
א בלייכע ליגט די שעהנע,
נאָר פלוצים קלינגט א ליעד אויף
אין טענער שטארקע, ריינע.

און גלייך פערשטומט דאָס שפּיעלען,
דער טאנץ ווערט אָבגעריסען,
און הארציגער און זיסער
דעם זינגער'ס טענער פליסען.

פערשלאָסען טהיר און לאָדען,
נאָר דאָך קען מען דען וויסען ?!
„צ י ג י י נ ע ר ! . .“ און די שעהנע
זיך פּרוּאווט די אויגען שליסען.

עס שוועבט די נאכט — — — אין דרימעל
איצט פלאָנטערט זיך דער שעהנער:
ציגיינער־יונגען — — — פיעדלען — — —
באנדורעס — — — פערעל־ציינער...

ציגיינער־יונגען שלאנקע
מיט ליפּען — רויטע רויזען,
מיט אויגען — קארשען שווארצע,
מיט שווארצע זייד'נע קרויזען.

און איינער פון דער „שייקע“
דער יונגסטער און דער שענסטער,



ער ווינקט צו איהר און שמייכעלט
און קלאפט ביי איהר אין פענסטער...



„פערלעש — דאָם — לעמפּעל — טאָכטער
און שפּאר־צו — טהיר — און לאָדען —
צ י ג י י נ ע ר — גאָט — זאָל — היטען! — —
ביינאכט — קען — זיין — א — שאָדען...“

.1912

## איהר סוד

דער טאטע שלאָפט, די מאמע שלאָפט,
עס שלאָפן אלע קינדער.
נאָר ביילעניו, זי ליגט און טראכט
פון קאָפּעלען אצינדער.

א וואזשנער בחור קאָפּעלע,
א פלינקער יונג, א גבור,
ביי שמשון שוסטער ארבייט ער
אין הויף פונקט גענען איבער.

פון קיכען־פענסטער זעהט זי איהם
דאָרט זיצען א פּערטיעפּטען,
און פלייסיג שפּרינגט דאָס העמערל
און קלאפט און שלאָגט די שטיפטען.

און אָפט צולאָזט זיך קאָפּעלע
אין הארצעדיגע ליעדער.
א קול האָט דאָס דער קאָפּעלע —
צוגעהט אין אלע גליעדער.

זי קוקט אויף איהם און קלעהרט דערביי:
א יתום מן־הסתמא,



א יתום און א עלענדער!
און ס׳רייסט איהר די נשמה...

א קול, א קול האָט דאָס דער יונג,
דאָס הארץ ווערט פראָסט צוריסען —
אוי, ווער, זאָל טאטע־מאמע כאָטש
דעם סוד זיך ניט דערוויסען.

אוי, טראָגען וועט זי שטיל דעם סוד,
בעגראָבען טיעף אין הארצען.
א שוסטער־יונג! — זי וועט דאָך זיי
די פנים׳ער פערשווארצען.

און ביילעניו, זי ליגט פערטראכט,
דאָס הארץ איהר׳ס אין איין נאָגען,
עס דאכט זיך איהר, ווי קאָפּעלע
וואָלט שטיפטען דאָרט געשלאָגען...

זי הערט אין הארץ דאָס העמערעל;
עס קלאפט אלץ שטארקער, גיכער.
ס׳איז קאָפּעלע, ס׳איז קאָפּעלע!
זי וויים, זי ווייס עס זיכער.

און פעסט צום וואנד זי דריקט זיך צו,
און בעט מיט הייסע טרעהרען:
אוי קאָפּעלע! ניט קלאפ אזוי,
די מאמע קען דערהערען!...

.1906

## דער חתן קומט

יוכבד, זי זיצט אויף איהר בעטעל.
שוין שפעט, נאָר איהר נעהמט ניט קיין דרימעל...
און בלוי הענגט מיט טויזענדער שטערען
אריבער איהר פענסטער דער הימעל...

„כ׳וועל קומען אויף שבועות, מחותן״,
האָט ער אין זיין בריוועל געשריבען.
וועט קומען... אין גאנצען א וואָך נור
ביז שבועות, ביז י ו ם ט ו ב געבליבען...

האָט איין מאָהל דעם חתן געזעהן בלויז,
ער האָט, דוכט זיך, העל־בלויע אויגען...
און ס׳איז פאר איהר פענסטער א שטערען
דעם הימעל אריבערגעפלויגען...

און ליפען, געדיינקט זי, אזוי ווי
מיט בלוט־רויטען וויין אָנגעגאָסען...
אין גראָז האָט זיך אונטער איהר פענסטער
א רויז פון איהר קנאָספּ אויסגעשלאָסען...

„כ׳וועל קומען אויף שבועות, מחותן!״
אוי, וואָלט ער שוין, וואָלט ער געקומען!...
און צנוע׳דיג איז אויף דעם הימעל
די בלייכע לבנה געשוואומען...

.1907



## דאָס יונגע פּאָרעל

שטאָק פינסטער איז אין אלקערעל.
די פאָרהאנגען פערהאנגען,
און אלטערעל, איהר קרוין, איז איצט
אין קלויז אוועקגעגאנגען.

אוועק איז ער אצינד אין קלויז
צו לערנען דאָרט גאָט'ס תורה,
אין אלקער זשומעט וואו א זשוק
און זי האָט נעבאך מורא...

דעם גאנצען טאָג די שוויגער רק,
זי האלט זי אין איין קוועלען:
זי זיצט און היט עס זאָל דעם קינד
קיין זאך חלילה פעהלען...

און איצט איז זי אליין, און ער
אין קלויז אוועקגעגאנגען.
און ס'ציהט און ציהט איהר הערצעלע,
און קלעמט איהר ווי מיט צוואנגען.

און פייכט פון טרעהרען הויבט זי אויף
די אויגעלעך צום הימעל:



„אוי, גאָטעניו, דערבאַרעם זיך,
און שיק אויף מיר דעם דרימעל!“

און אומעטיגער זשומעט שוין
דער זשוק מיט מרה־שחורה...
און ס'דוכט זיך איהר, זי הערט אצינד,
איהר אלטער'ל זאָגט תורה...

.1906



# די עגונה

צוגעשלאָסען טהיר און ריעגעל,
זעצט יוכבד זיך ביים וויעגעל;
מיט א שטילען אומעט נגון
נעהמט זי זיך דאָס קינד פערוויעגען...

אין א ווינקעל, פול מיט אומעט,
ווײנט א פליעגעל שטיל און זשומעט,
פונקט ווי דאָס וואָלט קלאָר בענעהמען
אין יוכבד'ס הארץ דאָס קלעהמען:
א רחמנות אויף דער בלאסער,
נעבאָך, ווי אין מיטען וואסער
זי געלאָזען האָט דער שלעכטער —
סתם, אויף לייטישען געלעכטער!

פינסטער... שווערע רעגען־טראָפּען,
הערט זי, סומנע קלאפּען, קלאפּען
אָן די לאָדען, אָן די טהירען,
עפּעס ווי זיי וואָלטען שפּירען
טיעף דער טרויער און דאָס שמערצען
ביי יוכבד'ען אין הארצען:
ס'איז שוין א חדשים זיבען,
אז ער האָט איהר ניט געשריעבען

פון דעם טריפה'ן לאנד דעם ווייטען...
גאָר קיין חרפה ניט פאר לייטען!
זי אליין נור, נעבעך, האלטען
מוז אין זיך דעם צער בעהאלטען.

*

שטיל און פינסטער... דורך די דינע
לעדלעך, הערט זי, פאלט אין רינע
יעדער טראָפּען, און פול אומעט
פליסט די רינע ראש און זשומעט;
אָט אזוי וואָלט פון איהר שווערען
הארצען גיסען זיך די טרעהרען,
וואָלט זי ניט געוואוינט איינאיינעם
מיט די גוטע, ליעבע שכנים.
אוי, די שכנ'טעס, די גוטע!
ווי פיעל קללות וואָלט עס נאָטע
יעדע ווייל פון זיי געקראָגען!
היינט דאָס טרייסטען און דאָס קלאָגען
אויף איהר מזל אויף איהר שווערען,
און דאָס דאגה'ן, וואָס וועט ווערען
פון דעם יתום'על, דעם קליינעם —
אוי, די גוטע, ליעבע שכנים!

אומעטיג... נאָר דורך די דינע
לעדלעך הערט זי, ווי די רינע
האָט איהר אומעט־טאָן פערלאָרען,
עפּעס טרויסטענד ווייך געוואָרען.
און אדורך די לאָדען־שפּארעס
זעהט יוכבד ווי די כמארעס

אין דעם הימעל שוועבען, שווינדען,
און פער׳חלום׳ט נעהמט זיך צינדען
אין די ווייטע, ווייטע ספערען
א פערטראכטער קלאָהרער שטערן...

.1907

# די עקרה

האָט אויסגעצעהלט דער זייגער
צוועלף אומעטיגע קלאנגען,
די לאָמפּ איז אויסגעגאנגען,
נאָר חנה'ן ג ‏יהמט קיין שלאָף נישט.

אין צווייטען אלקער הערט זי —
איהר יוסף לערנען תורה,
נאָר פול מיט מרה־שחורה
דערקלינגט צו איהר דער נגון:

דאָס קלאָגט זיין הארץ מסתמא
אצינד ביי דער גמרא:
ער וואוינט מיט איין עקרה
שוין באלד ניין יאָהרען לאנגע.

„ניין יאָהרען באלד פערגאנגען —
אוי, העלף מיר גאָט גערעכטער!
ניט מאך מיך צום געלעכטער,
צוברעך מיר ניט מיין לעבען".

און שטיל דער אומעט־נגון,
און שטום דעם זייגער'ס שיקלען —

זי שלאָפט און טרוימט פון וויקלען,
פון ווינדלעך ווייסע, קלאָרע...

א ווייסען מלאך זעהט זי
מיט אויסגעשפּרייטע פליעגעל,
ער שוועבט און טראָגט א וויעגעל,
און חנה שמייכעלט... שמייכעלט...

* * *

האָט אָבגעצעהלט דער זייגער
פינף העלע קלאָהרע קלאַנגען,
די זון איז אויפגעגאַנגען
און חנה, חלום'ט... חלום'ט...

1913.

# דן און דאַניאַ

(אידיליא)

דן האָט צוויי פאה'לעך שווארצע
און דאַניאַ צוויי גאָלדענע צעפּ.
דן איז דער עלוי פון שטעדטעל
און דאַניאַ די מלכה פון סטעפּ.

דן געהט בעגינען אין קלייזעל
זיין אויג האלב פערכמארעט פון שלאָף,
דאַניאַ מיט זון אויף די ברעמען
צום סטעפּ טרייבט ארוים איהרע שאָף.

דן נעגענט אָן דער פּאסטושקע
און לאָזט שטום די אויגען אראָב.
דאַניא, פערשעהמט טהוט א שמייכעל
און לאָזט שטיל ארונטער דעם קאָפּ...

דן זיצט ביים לעהרנען און ס'ציהט זיך
דער טאָג עפּעם לאנג אָהן א סוף,
ס'דוכט איהם: דאָס בלאט איז א לאָנקע
די אותיות — א טשערעדע שאָף...

דאָניא זי היט זיך איהר סטאדע
גערקרייזעלטע לעמער און טראכט
עפּעס פון פּעה׳לעך שעהנע,
געקרייזעלטע, שווארץ ווי די נאכט...

דן געהט טאָג־טעגליך אין קלייזעל
און דאָניא טאָג־טעגליך אין סטעפּ.
דן האָט צוויי פּאה׳לעך שווארצע
און דאָניא צוויי גאָלדענע צעפּ.

.1912

## דער זינדיגער

די מאמע פרעגט : וואו געהסטו, קינד? —
„א ספר אָבצוטראָגען."
ביים פענסטער רוישט א בוים און שטראָפט :
„א ליעגען מעג מען זאָגען? !"

דער טאטע פרעגט : וואו געהסטו זוהן? —
„אין קלויז צו לעהרנען תורה".
דער בוים ביים פענסטער בייזערט זיך :
„האָסט גאָר פאר גאָט קיין מורא? !"

* * *

שא, שטיל ארום אין שטעטעלע,
אין געסעל שלאָפען אַלע.
ביים וואַסער־מיהל דאָרט זיצט און וואַרט
אויף איהם זיין שעהנע כלה.

און געסעלע נאָך געסעלע
פערקלעקען אין דער נאכט זיך.
און באלד, שוין גרויט די וואסער־מיהל,
אַט איז זיין שעהנע דאכט זיך...

* * *

ביים ברעג פון טייך פער'חלום'טע
די ווערבעס קוים זיך הוידען,



דאָס וואַסער־ראָד רוישט שטיל און הערט
זיך איין צום פּאָרעל'ס סוד'ען...

די וואַסער גראָזען שעפּטשענען,
עס מורמעלט שטיל דאָס וואַסער,
דער בלויער הימעל טיעפער ווערט,
די קלאָהרע שטערען בלאַסער...

* * *

די מאַמע שטראָפּט: אַ גאַנצע נאַכט,
מיין קינד אין קלויז געזעסען!?
„כ'האָב מאַמעניו פערלעהרענט זיך
און האָב אין אַלץ פערגעסען..."

די מוטער הויבט צום הימעל אויף
די אויגען פייכט פון טרעהרען...
אנטקעגען שמייכעלט צנוע'דיג
דער בלייכער מאָרגען־שטערען...

1912.



# דער זכר

אַבגעשיקט האָסטו מיר
די מתנות אַלע.
שרייבסט מיר : „זיי מיר מוחל,
כ׳קען ניט זיין דיין כלה“.

אויררינגלעך און שפּליקעס,
רינג׳לעך און בראַסלעטען,
בראָשקעס, מעדאַליאָנען,
קייטעלעך בראָקלעטען —

אַבגעשיקט מיר אַלעס,
ווילסט מיך מעהר ניט קענען...
אָבער די חלומות
מיינע, זאָג, וואו זענען ?

גוט... איך טראָג צום גאָלדשמיעד
באַלד אַוועק די זאַכען,
זאָל ער פון דעם ציערונג
מיר אַ בעכער מאַכען.

מאכען זאָל ער אָבער
אָהן אַ דנאָ דעם בעכער —
נאָך מיין גליק און ליעבע
זיין זאָל ער אַ זכר...

.1912

## ביי דער ארנע

האסטיג בלאָזט דער אלטער בלאָז־זאק,
אויף דער אָרנע ברענט און גליהט,
רויט דאָס אייזען, שווער דער האַמער
און פלטיאל שטעהט און שמיעדט.

און ער הערט אין יעדען אָפּקלאַנג
פון זיין האַמער קלאָהר און העל
מרים'ס נאָמען ; און דאַריבער
שלאָגט ער פלייסיג, גרינג און שנעל.

א פערגאַפּטער שטעהט דער מייסטער,
קוקט מיט שטוינען אויף דעם יונג :
עפּעס הערט ער היינט וואָס מאָדנעס
אין פלטיאל'ס האמער־קלונג.

א

אך, פערלאָרען האָט דער האַמער
אין פלטיאל'ס האַנד די וואָג
און אויף הילכענדיגע קלאַנגען
לאָזט ער הינטער זיך דעם טאָג.

אזוי בלאָזט דער אלטער בלאָז־זאק
פול מיט גבורה, פול מיט מאכט ;



און דער פייער הויבט און לעשט זיך
און עס נעהנטערט זיך די נאַכט.

און אין אָבענד, ווען פלטיאל
זיצט מיט מרים'ען ביים טייך,
אויף זיין בוזעם רוהט איהר קעפּעל,
ליגט איהר פּנים צאַרט און ווייך.

און דאָס הארץ זיינס ווערט אַן ארנע
און דאָרט פלאַקערט, ברענט און גליהט;
עמעץ קלאַפּט דאָרט מיט אַ האַמער...
נאָר פּלטיאל קען דעם שמיעד...

און מיט גליהענדיגען קוסען
שמידט ער זיך צונויף מיט איהר...
פונקען שפּריצען... און אין הימעל
פינקלען שטערען אָהן אַ שיעור...

* * *

האַסטיג בלאָזט דער אַלטער בלאָז־זאַק,
אויף דער אָרנע ברענט און גליהט,
רויט דער פייער, שווער דער האַמער,
און פּלטיאל שמיעדט און שמיעדט...

.1911



## די שטערונג

לא ישא אדם אשה ששמה כשם אמו.
(צואת ר׳ יהודה החסיד, כ״ב).

שטאַרק צוטראָגען ביי דער אַרבייט
זיצט די לעצטע צייטען גאָדעל,
רק איהם פּלאָנטערט זיך דער פאָדים
און עס פאַלט פון האנד די נאָדעל.

די חברים ביי דער אַרבייט
קוקען שטום אויף איהם און גאָפען;
וואָס, אַ שטייגער, פאַר אַ צרה
האָט מיט גאָדלען זיך געטראָפען?

און אפילו אויך די שערען
עפּעס ווי פער׳חדוש׳ט קלינגען:
גאָדעל זאָל דאָס ביי דער אַרבייט
זיצען סתם און גאָר ניט זינגען?

אך, ווען גאָדעל נעהמט זיך ציקלען
אויף זיין צוקער־זיסער שטימע,
בערקע באַמקעט פרעהליך אונטער
און אליקום לאָזט זיך פרימע —

שמיידיג, פרעהליך געהט די אַרבייט,
פלייסיג וואַרפען זיך די נאָדלען,
און די שערען קלינגען היימלעך — —
אך, וואָס איז געשעהן מיט גאָדלען?



אין אברהם׳קע שוסטער׳ס מיידעל,
אין דער שעהניטשקער נחמה׳ן,
איז א פערקאָכטער אונזער גאָדעל...
נאָר — ווי זאָגט מען דאָס דער מאמען?

ביידע הייסען דאָך איין נאָמען —
אי די מיידעל, אי די מאמע...
„ניט בעשעהרט מיר!“ — זיפצט זיך גאָדעל —
„ניט בעשעהרט מיר גליק מסתמא...“

סומנע זשומען די מאַשינען,
אָהן אן אויפהער קלאַפּט דאָס פּרעסעל...
פּלוצלונג דורך דעם קליינעם פענסטער
דרינגט אריין אַ רעש פון געסעל.

ערגעץ קלינגט א צדקה־פּושקע,
פינסטער ציהט זיך אַ לויה: —
אין דעם הקדש איז געשטאָרבען
היינט די אלטע שרה־חיה.

„וויפיעל איז זי אלט געוועזען?“ —
פרובט זיך איצט דערמאָהנען גאָדעל —
„אין איין עלטער מיט דער מאַמען...“ —
און אַ ציטער טהוט זיין נאָדעל.

כמורנע קלאַפּט די צדקה־פּושקע,
ס׳ציהט די מטה שטיל פאַראיבער...
ווי פערטומעלט זיצט איצט גאָדעל
און עס טרייסעלט איהם אַ פיעבער...
.1908



## דאָס העמערל

דונקעל איז אין קעמערל
שלעפערדיג און פויל,
נור דאָס פרעכע העמערל
זינגט אַ ליעד דעם זויל.

זינגט פערשייט דאָס העמערל,
און די זויל זי טראכט:
„כ׳לעהרען אוים דאָס זמר׳על
ז׳ טאנץ עם היינט ביינאַכט“.

„אַך, דאָס כיטרע ליעדעלע
חזר איך מיר איין,
ז׳ טאנץ עם געגען פיעדעלע
ביז אין טאָג אריין“.

---

דונקעל איז אין קעמערל,
שויערינ א גרויל.
נור דאָס פרעכע העמערל
זינגט זיין ליעד דעם זויל...

.1912



# דער אַלטיטשקער

שטיל, עס שלאָפט דאָס גאַנצע הויז שוין,
נור ביים אַלטיטשקען אין צימער
ברענט א קליינטשיק חלב־ליכטעל
און פערשפּרייט א געלען שימער...

איינגעהויקערט ביי דעם טישעל,
אין די הענד דעם קאָפּ בעהאַלטען,
זיצט דער אַלטיטשקער און זוכט וואָס
אין א ספר אין אַן אַלטען.

נאָר דער קאָפּ, דער שוואַכער, שווינדעלט,
און די קראַנקע אויגען שמאַרצען,
און דאָס ספר עפּעס וועקט ניט
קיין התמדה מעהר אין הארצען...

אך, ניטאָ שוין יענע צייטען,
ווען ער האָט מיט ווילד הנאה
זיך געליעבט אריינצופּלאָנט'רען
אין א האַרבער שטיק מהרש"א.

ווי א שווימער אַ געניטער,
אָהן אחריות און אָהן מורא,

פלעגט ער שווימען אין די כוואַליעס
פון דער ברייטער, טיעפער תורה.

אַך, פערלאָשען האָט די עלטער
דעם התמדה'שען געפיהל איהם —
מאָך־זשע, זיידע, צו דאָס ספר,
נעהם זיך בעסער פאַר דעם תהלים.

קענסט דאָך תהלים אויסענווענינ;
קענסט דעם זיסען טרויער נגון, —
זינג־זשע, זיידע, און דיין שאָטען
וועט דיר העלפען פרום זיך וויעגען...

* * *

שטיל, עס שלאָפט דאָס גאַנצע שטעדטעל,
און דאָס געסעל ליגט אַנטשוויגען —
נור פון אַלטען'ס פענסטער קלאָגט זיך,
וויינט דער שטילער תהלים־נגון...

1908.



# ערב־שבת

שוין לעגט דער מאַרק, אין איילענים,
זיין לעצטע שטעל צוזאמען.
און אין אַ פענסטער, וואו אין גאַס,
צוויי שבת־ליכט שוין פלאַמען.

און דאַ און דאָרט געהט אויף אַ ליכט
און ס'פלאַמען צעהנדליג שויבען ;
און שטראַהלען אין דער גאַס אריין
מיט פרומען, שטילען גלויבען.

* * *

און איך האָב וויין פון ראָזינקעס,
און ווייסע פרישע חלה.
אַ שטוב אַ שיינע, און אַ ווייב
אַ צנועה'דיגע כלה...

און מיינע לייכטער שימערען,
און מיינע לעפעל בליצען,
און מיינע בעכער, גאָלדענע,
מיט פונקען ממש שפריצען...

איצט וואַרט מיין ווייב !... איך וועל פון קלויז
אַ היים איין אורח ברינגען,



צו טרינקען וויין פון אונזער כוס,
אונ זמירות מיט אונז זינגען.

איין אורח וועל איך ברייגנען היינט,
איין אָרמען פרומען אידען,
אַ פרעמדען לאנג שוין נע־ונד,
פון ווייב און קינד געשידען...

ביי אונזער טיש דערמאָנען זיך
וועט ער אָן זיינע ליעבע,
און פאַלען וועט ביי איהם פון אויג
אַ שווערע טרעהר, אַ טריבע.

אין אונזער גאָלד'נעם בעכער וועט
זיין טרעהר זיין טריעבע זינקען,
און מיט דעם וויין צומישט וועט ער
דאָס בענקענים זיינס טרינקען...

פון וויין און טרעהר בערוישט, וועט איהם
דער שלאָף די ברעמען זוימען ;
אויף א נ ז ע ר קישען וועט ער זיס
פון זיינע ליעבסטע טרוימען.

טאָ צינד־זשע, אשת־חיל, אָן
די ליכט און בענש די פלאַמען : —
„געלויבט זיי גאָט ! וואָס איך בין היינט
מיט מייניגע צוזאַמען.“

.1913

## „שלום עליכם מלאכי השרת“

„שלום עליכם מלאכי השרת“,
קלינגט הארציג דאָס קול פון דעם זיידען;
און הייליג און ליכטיג די שבת־ליכט ברענען
און פילען די שטוב אָן מיט פריידען.

ליכטיג און ווארעם אין יעדוועדען ווינקעל;
אוועק אלע דאגות די שווערע;
און הייליג און ווארעם דערשפּירט יעדער אבר
אין זיך די נשמה יתירה.

„שלום עליכם מלאכי השרת“,
קלינגט הארציג דאָס קול פון דעם זיידען;
און איבער דעם שטיבעל די שבת־מאכלים
צוטראָגען א ריח גן־עדן.

שטיל זיצט די אלטיטשקע באבע געהויקערט
און פינטעלט און זשמורעט די אויגען;
איהר קלינגט אין דעם דרימעל דעם אלטיטשקענ׳ס טענער
אזוי ווי פון פיעדלען געצויגען.

„שלום עליכם מלאכי השרת“,
קלינגט שטילער דאָס קול פון דעם זיידען;



עס דרימעלט די אַלטע... פאַר איהר שטעהען אפען
די טהירען פון הייל'גען גן־עדן.

וויים צווישען אוילבירטען־בוימער שפּאַצירען
פּאַמעלאַך די הייליגע אבות,
פון זייערע פּנים'ער שטראַהלען ווי זונען
די געטליכע גרויסע מחשבות — — —

* * *

„שלום עליכם מלאכי השרת“,
שווין דאָ די מלאכים פון הימעל ;
זי זעהט זיי, די באָבע, זי זעהט זיי אין חלום
און שמייכעלט צו זיי אין איהר דרימעל...

.1908



## דאָס לעצטע שבת ליכט

עס ברענט דאָס לעצטע שבת־ליכט
מיט פרומער מרה־שחורה —
דריי קנויטלאך שוואַרצע ווי די נאכט
פערקיהלט אין דער מנורה.

אין דרויסען קוועלט דער חשך שווארץ,
די בלינדע שויבען פריהרען:
„אוי, גאָט ניט לאָז מיין לעצטען פלאַם
אין חשך זיך פערלירען“.

„געפאַלען זענען דאָך אויף מיר
אַ מאַמעס הייסע טרעהרען.
טאַ נעם־זשע אויף מיין לעצטען פלאַם
און מאך פון איהם אַ שטערען...“



## „גאָט פון אברהם“

אוי באָבעניו, זאָג נאָך ניט גאָט פון אברהם,
וואָס איז דאָס מיט דיר היינט דער אייל ?
אין מערב זייט איז נאָך די זון ניט פערגאנגען,
אוי, באָבעניו, ווארט נאָך אַ ווייל.

צושטער ניט דעם פריעדען פון הייליגען שבת,
די שטילע, די הייליגע רוה.
מען זעהט נאָך ניט שיינען אין הימעל קיין שטערען,
אוי, ווארט האָטש א רגע'לע צו.

דער „גאָט פון אברהם“, ער שפּאנט אונז צוריק איין
אין שווערען טאָג־טעגליכען יאָך ;
צו שלעפּען דעם גלות, דאָס חדר, דעם רבין,
דעם עול און די דאגות פון וואָך...

דאָך בלייבט ווי פערשטיינערט ביים פענסטער די באָבע,
זי איז צו מיין בעטען ווי טויב.
„אוי גאָט פון אברהם“, און ס'קייקעלט אראָפּ זיך
א טרעהר אויף דער דונקלענדער שויב...

.1906

## געוועזען אמאָל איז א פיעדעל

געַ׳חשכ׳ט א צייט האָט א פיעדעל
ז׳אַ פינסטערען קעלער אַ קאַלטען,
די איינציגע טרייסט אין דעם לעבען
פון עפּעס א כלי־זמר אַן אַלטען.

געשטאָרבען איז פלוצים דער כלי־זמר.
אַליין איז די פיעדעל פערבליבען.
אין קלעמענדער שטומקייט גע׳אבל׳ט,
געקלאָגט נאָך דעם מייסטער דעם ליעבען.

און וואָגלען האָט זי דאַן גענומען
דורך אַלטע אַנטיק־מאַגאַזיינען,
אזוי ווי אַ בלודנע נשמה
וואָס קען ניט קיין תקון געפינען.

און ס׳האָבען זיך מאָרגענס געצונדען,
און ס׳האָבען געלאָשען זיך זונען.
ביז ענדליך עס האָט אויף דעם פיעדעל
איין אָרימער קונד זיך געפונען.

און ס׳וואנדערט די פיעדעל און וואנדערט
ארום אויף דער וועלט שוין זייט יאָהרען,



אוןביידע, דער פיעדלער און פיעדעל
זיי זענען בעריהמט שוין געוואָרען.

דאָך טרעפט ווען עס שלומערט די פיעדעל
אין פימסענעם שאכטעל בעהאלטען ;
דערמאָנט זי זיך דאן און נעהמט בענקען
נאָכ'ן אָרימען מייסטער דעם אלטען.

זי פיהלט מיט א מאָל עס ערגרייפט איהר —
אַ האַנד, אַ געטרייע, אַ לייכטע,
און ס'גליטשען זיך איבער די סטרונעס
צוויי אויגען, פער'חלומ'טע, פייכטע.

און ווארעם צוקט דורך איהרע גליעדער
דער הארציג פערקלונגענער נגון,
וואָס איז ווי אַ הייליגער סוד איהר
אין הארצען זייט יאָהרען געליגען.

.1911



# שכנים

איך און זי ז׳דאָס קלײנע לעמפּעל
װאױנען לאנג, שױן לאנג אינאײנעם;
אין א צימער, ענג און פינסטערע,
לעבען מיר װי גוטע שכנים.

שפּעט אין אבענד טרעפען מיר זיך
אין דעם צימערעל צוזאמען.
„גוטען אבענד!" מאכט דאָס לעמפּעל
און עס פּרובירט זיך פרײנדליך פלאמען...

נאָר דאָס רױכענדיגע קנױטעל
קױם דערװײזט צו טהון א שיפּע —
פון דעם העל געפּלײסטען פלאמען
לאָזט זיך אױס אַ שטילער כליפּע...

איך און זי בײם קלײנעם טישעל,
און דאָס לעמפּעל צװישען בײדען —
הױבען אָן אויף זיפצען־שפּראַכע
צװישען זיך פערטרױליך רעדען.

איך: — „דער יאָך, דער יאָך דער שװערער
אָה, װאו נעהמט מען מעהרער כח?"



זי: — „די נויט, די נויט די גרויסע
אָה, עס שפּאלט זיך מיר דער מח!“

„גאָט וועט העלפען“, מאכט דאָס לעמפּעל
און עס פּרובט זיך העלער ברענען.
„דאנק דיר“, זאָג איך, „האָפען דאמאָלס
ווען מען גוסס׳עט, דארף מען קענען...“

איך און זי ן׳דאָס קליינע לעמפּעל
זענען לאנג אזוי שוין שכנים;
אין א צימער ענג און פינסטער
צאנקען, צאנקען מיר אינאיינעם...

.1907





## דער נייער זמן

שוין נאָך יום טוב, ליעבע קינדער,
ס'הויבט זיך אָן דער נייער זמן.
נו, צוריק צום אלטען רבי'ן,
„חיים־שמעיה קאטערזשאן."

היידא, נו, צוריק אין חדר!
נור געגומען זיך געשמאק
צו דעם לימוד, צו דעם אלטען,
מיט דעם נוסח, מיט דעם קנאק!

אויף דעם טיש דער זעלבער קאנטשוק,
אלע רימענדלעך אין צאָהל,
אויף דעם באלקען נאָך די זעלבע
פּאוטינע, ווי אמאָהל;

אויף דער וואנד דער אלטער זייגער
הענגט ווי אימער אויבען אָן,
צעהלט בתמימות זיך די רגע'ס
מיט זיין הייזעריגען טאָן.



און דער שווער בעשטויבטער אומרוה
זיך ווי שלעפעריג בעוועגט,
און עס דאכט זיך ווי ער „טיקעט“,
ווי ער „ניקעט“ און ער פרעגט:

„האָט איהר, קינדער, ניט פערגעסען
און א ליכטעל מיטגעבראכט?
אָסיען. קליין זיינען די טעג שוין,
לערנען נעהמט מען היינט ביינאכט.

„צינדט זשע, קינדער, אָן דאָס ליכטעל
און גענומען זיך געשמאק
צו דעם לימוד, צו דעם אלטען,
מיט דעם נוסח, מיט דעם קנאק!

„לעהרענט, קינדערלעך, גאָט'ס תורה,
איהרע סודות טיעף און גרויס,
לעהרענט, לעהרענט, ליעבע קינדער,
ביז דאָס ליכטעלע געהט אויס...“

.1906



## לעצטע שנעע־פליטערלעך

ווייסע שטיקלעך וואטע,
גרינג ווי פוך און ווייך,
ברענגט דער ווינד צושלעפּען
ערגעץ פון דער הויך.
לעצטע שנעען
גרינג צוגעהען
און פון בלויען קלאָרען הימעל
גיט א העלער שטראהל א בלישטשע,
און פון וואלד דער ערשטער פויגעל
טהוט פאר שמחה ווילד א סווישטשע —
אוים, אן עק!
פעטער שנעער
פאָהרט אוועק.

פעטער שנעער פּאקט זיך,
היילט זיך; מאכט הכנות
שפּאנט־זשע איין איהר, קינדער,
שווארצע פיער וואראָנעס
אין א סאַרע
שטיקעל כמארע
און א יעדערער בעזונדער
טשעפּעט אָן א ליליען־גלעקעל.



לייצעס — גאָלד'נע זונען־שטראַהלען —
אונ א בייטש — א פיילכען־שטעקעל.
און אן עק!
פעטער שנעער
פאָהרט אוועק.

קייך־הוסט, סקארלאַטינע —
גיט איהם מיט די פעקלעך!
היידא! — — — הערט ווי ס'קלינגען
שעהן די ליליען־גלעקלעך,
ווי זיי קלינגען,
ווי זיי זינגען,
ווי דער רייט וואָגען דאָרט הודיעט
פייער־פלאם!... אזש פונקען שפריצען!
מאכט־זשע, קינדערלעך א ברכה: — — —
ערשטע דונערען און בליצען.
אוים, אן עק!
פעטער שנעער
איז אוועק.

1914

## דאָס לעצטע פליגעלע

(א ליעדעל פון בטחון.)

פייגעלעך און טייבעלאך
פליהען פאַרביי די שייבעלאך
אין דער ווייסער וועלט.
איך, דאָס קליינע פליגעלע,
זשומע מיר מיין ניג'עלע
און לאך פון ווינט און קעלט,
און לאך פון ווינט און קעלט.

איך, די שוואכע, קליינטשינקע,
וועל דאָך זיין די איינציגע
ווען דער פריהלינג קומט.
און דעם ערשטען פליגעלע,
ר'צעהל איך מיט א ניג'עלע
ווי בייז דער שטורעם ברומט,
ווי בייז דער שטורעם ברומט...

ווי די נאכט קלאָגט ביטערלאך,
ווי די ווייסע פליטערלאך,
פאלען אויף דער וועלט,
ווי אין גאס די פויגעלאך,
שפרינגען אויף די צווייגעלאך
און ציטערן פון קעלט,
און ציטערן פון קעלט...

1914

* * *

שוואלבען, שוואלבען קומט צופליהן
וואלד און פעלד שוין ווילען בליהן.
בלאַט און בליהמעל, בליטה און בוים,
קענען זיך דערוואַרטען קוים.

שוואלבען, שוואלבען קומט געשווינד,
דען דאָס בלייך־פערבענקטע קינד
ציהט זיך פון דער מאמע'ס שוים
צו דער פרייער גאָס ארוים.

שוואלבען, שוואלבען ניט גענארט,
דען דער חולה האָפט און װארט;
קוקט פערביינקט אויף אייך ארוים
און דאָס חיות געהט איהם אוים.

שוואלבען, שוואלבען קומט צופליהן,
זאָלען וואלד און פעלד שוין בליהן.
קומט פון נאָהענט, קומט פון ווייט
קומט ניט ווײלט אומזיסט די צייט.

1912



## דאָס טייכעלע

עס קלאַפּט דאָס האַרץ פון טייך
און ציטערט אויף פון ס'נײַ:
דער פריהלינג געהט, ער קומט;
ער וועט איהם מאַכען פריי!

צופלאַצען וועט דאָס אייז
און ער וועט זעהען באַלד
ביים ברעג, ביים גרינעם ברעג
זיין אַלטען ליעבען וואַלד.

עס קראַכט מיט ווילדער קראַפט
דאָס שווערע אייז און קנאַקט,
דער טייך איז פריי... נאָר וועה,
דער וואַלד איז אויסגעהאַקט!...

1906

## פריהלינג גלעקלעך

פריהלינג, פריהלינג...
בלוי און גרין...
אין דעם רויז־קוסט
שפּיעלט די ביען.

אויף דעם גרעזעל
פלינק און גרינג
טאנצט און גלאנצט
דער שמעטערלינג.

*

פריהלינג, פריהלינג...
גרין און בלוי...
און די ליליע —
פול מיט טהוי.

„ווער וועט טרינקען?
ענטפערט גיך!"
— „טרינקען וועט דער
שטראהל און איך!"

*

פריהלינג, פריהלינג...
וויים און ראָז...



רוהיג ווינטעל,
שטילער בלאָז!

רעגען־שטורעם,
ווארט נאָך, ווארט!
יונג איז דאָך דער
צוויעט און צארט...

*

פריהלינג, פריהלינג...
זעה נור, זעהסט?
אויף דעם שפיץ פון
בוים א נעסט.

ס'איז דעם קוקוק'ס
און ער מאכט:
„קו־קו — — קו־קו — — —"
טאָג און נאכט.

„קו־קו — — קו־קו — — — ו — — — ו — — — ו,
טשיר — — טשיר — — טשיררר — —"
ווייסט? דאָס מיינט:
„גוט מאָרגען דיר".

„טוויה — — טוויה — — טוויה — — טוואו — ו — — ו"
ענטפער נאָר!
דאָס וועט מיינען:
„א גוט יאָהר".



„קו־קו - - קו־קו - - - ו - - - ו - - - ו,
טשיר־טוויה־טוואו - - ו - - - !“
און די גריל — זי
פּייקעלט צו.

ז'אויף א בלימעל
פלינק און גרינג
טאנצט און גלאנצט
דער שמעטערלינג.

1914



## צום זומער זמן

טהוט אוים די גארניטערלאך, קינדער,
אוועק איז דער יום־טוב, שוין אוים,
עס קוקט שוין דער ברודיגער חדר
אויף אייך א פערבענקטער ארוים.

טהוט אוים די קאשקעטלאך, די נייע,
און היידא אין חדר אריין,
און נעהמט זיך צום לערנען מיט חשק —
אוי קינדער, אז וואויל וועט אייך זיין.

וואס ארט אייך דער לויטערער הימעל,
די גרויסע, די ווארעמע זון,
די פעלדער, די וועלדער און טאהלען,
איך פרעג אייך, וואס האט איהר דערפון?

און ווילט זיך אייך רויזעלאך דוקא,
טו לעהרנט־זשע קינדער געשמאק;
דער רבי, מיט פייכטע צוויי פינגער,
וועט יעדען א קניפ טהאן אין באק.

און ס׳וועט זיך א רויזעל צובליהען
און חנ׳עוודיג ליעב ווי די וועלט — —



אוי, וואָס פאר א ווערטה האָבען, קינדער,
פאר אייך יענע רויזען אין פעלד?

אוי, וואָס פאר א ווערטה האָבען רויזען
לגבי דער רויז אויף דער באק?!
טו לעהרנט־זשע קינדערלאך פרומע,
און חזר'ט די תורה געשמאק.

און ווילט זיך אייך דוקא א שטיף טאָן,
טו ווארט ביז דער רבי שלאָפט איין;
דאן קענט איהר זיך וועטען אין קנעפּלאך, —
נאָר שוועלבעלאך, שטיל זאָל מיר זיין!

דאן קענט איהר זיך וועטען צו קען שוין
ווער לערנען דעם היינטיגען שיעור.
נו, גיכער דרעהט אָפּ פון די שפּענצערס
די קנעפּלאך, און לעגט איין זיי ביי מיר.

און ווילט זיך אייך הערען א פויגעל,
דאן דארפט איהר ניט ווארטען גאָר לאנג,
דער רבי וועט אויפשטעהן פון דרימעל
און איהר וועט שוין הערען געזאנג.

„אוי, אמר אביי", צוטרילען
וועט איבער דעם שטיבעל זיך באלד — —
אוי וואָס פאר א ווערט האָבען, קינדער,
פאר אייך יענע פויגעל אין וואלד?

אוי, וואָס פאר א ווערט האָט דער צארטער,
פער'חלום'טער פויגעלשער קלאנג,



לגבי צעהן קעלכעלאך דינע
אין „אמר־אביי״־געזאנג ?

* * *

וואָס ארט אייך דער לויטערער הימעל,
די גרויסע און לאכענדע זון
די וועלדער און פעלדער און טהאָלען —
קיין איד זאָל ניט וויסען דערפון...

1907



## אַ וואַלד לעגענדע.

ער איז דער שענסטער בוים אין וואלד,
פערמאָגט די רייכסטע צווייגען,
דאָך וועט זיך אין זיין שאָטען־שוים
קיין פויגעל קיינמאָל צייגען.

די פויגעל טראָגען זיך פערביי
דעם שעהנעם אָהן געזאנגען;
פערשאָלטען איז ער — דען אויף איהם
האָט זיך א מענש געהאנגען.



# א ברוגז

ביים פאסטוכעל האָב איך א דודקע געקויפט,
בעצאָהלט איהם זעקס קנעפּלאך מזומן.
נו, האָט דער טאטע דערזעהן ביי מיר,
און האָט עס מיט כעס צוגענומען.

איצט וועל איך איהם טאקע ניט געהען צום טיש
און וועל אויף צו־להכעיס ניט עסען.
איך וועל זיך נאָך שפּיעלען אין קיך מיט דער קאטץ
כדי כ׳זאָל דאָס לעהרנען פערגעסען...

דער רבי, ער האָט מיר דעם אויער געדרעהט,
אזוי ווי א גזלן געשמיסען;
איצט וועל איך פערגעסען דעם חומש און שוין,
א מצוה אויף איהם, זאָל ער וויסען!

א סברה אז איך וועל נאָך היינט ביי דער נאכט
איינגאנצען קיין קריאת־שמע ניט ליי׳נען;
אָט זאָל דער ניט גוטער מיך נעהמען — נאָר ניין,
די מאמע, א שאָד, זי וועט וויינען...

* * *

שטאָק פינסטער... די לאָדען און פענסטער פערמאכט,
אלצדינג איז מיט חושך בעצויגען;



מיר חלום׳ט : — די קאטץ זיצט ביי מיר אויף׳ן הארץ
און גלאָצט אויף מיר ווילד איהרע אויגען.

אָט ברענען זיי גרין, און אָט ברענען זיי בלוי,
אָט פלאמען זיי רויט מיט סכנות,
אָט זשמורען זיי רוהיג פער׳חלום׳ט, פערטראכט,
אָט גלאנצען זיי פייכט מיט רחמנות : —

נעהם אינגעלע גלעט מיך, ווי סאמעט איז גלאט
מיין פוטער, און ווארעם א חיות ;
אָט לאשצע אביסעל, מיין לאפקעלע האלט,
נו, אינגעלע מאך ניט קיין שיהות...

ס׳איז ווארעם... ס׳איז פוכקע... און איבער מיין קאָפּ
פיעל גילדענע קנעפעלעך גלאנצען ;
דאָס פאסטוכעל זיצט אויף דעם קוימען און שפיעלט,
און איך מיט דעם קעצעלע טאנצען...

1915



## אין געיעג

(א ליעדעל אָהן א סוף)

א.

געקומען איז א פויגעלע
צוריק אהיים פאַרנאַכט,
און האָט פאר איהרע קינדערלאך
א ווערעמעל געבראַכט.

זי קומט צום בוים, זי קומט צום צווייג
און טרעפט: די נעסט איז לעהר —
א צעהנדליג ווייסע פעדערלאך
און קיין זאך, קיין זאך מעהר!

עס וויינט דאָס אָר׳מע פויגעלע
און כליפּעט אָהן א סוף...
עס הערט דער וואלד דער דונקעלער
און זיפצט און זיפצט פון שלאָף.

ב.

געקומען איז א שווארצע קראָה
אהיים גאַנץ שפּעט ביינאַכט,



און האָט פאר איהרע קינדערלאך
א פ ו י ג ע ל ע געבראכט.

זי קומט צום בוים, זי קומט צום צווייג
און טרעפט, די נעסט איז לעהר;
א צעהנליג שווארצע פעדערלאך
און קיין זאך, קיין זאך מעהר!

עס שרייט די שווארצע קראָה און שרייט
און קראקעט אָהן א סוף;
עס כאפט זיך אויף דער שווארצער וואלד
מיט אנגסט און גרויל פון שלאָף.

ג.

אנטקעגען זונען־אויפגאנג פליהט
אין פרייען ברייטען רוים
דער שטאָלצער אָדלער, און ער טראָגט
א יונגע קראָה א היים.

און אָט דאָרט ליגט זיין פעלזען־שלאָס
אין העלען זונען־שיין;
היינט וועט ביי זיינע אָדלערלאך
א גרויסע סעודה זיין.

„די העלדען מיינע...“ און דאָס הארץ
מיט שטאָלץ ווערט איבערפילט.
און אונטער׳ן הויכען פעלזען שטעהט
א יעגער און ער ציעלט.



ד.

אנטקעגען זונען אונטערגאנג
דער בראַווער יעגער שפּאַנט:
„היינט מ ו ז די שעהנע ראָזע מיך
בעגליקען מיט איהר האַנד...

„מיין אויג איז שאַרף, מיין האַנד איז פלינק,
מיין העלדען מוטה איז גרויס“.
דער יעגער טראַכט און פון דער נאַכט
איהר הייזעל שווימט אַרויס.

עס שווימט אין ליכט און צימבעל־קלאַנג
דער יעגער שפּאַנט מיט האַסט — — —
ער קומט און טרעפט זיין שעהנע שוין
צום מילנער'ם זוהן פער'קנס'ט...

1911





## שוועבט א וואָלקען

שוועבט א וואָלקען,
זאָל ער שוועבען.
וועבט ער בליצען,
זאָל ער וועבען.
ס׳וועט זיין ליכטיג אויף די וועגען,
מען וועט קיינעם דארפען פרעגען
וועלכען וועג מיר זאָלען געהן.

קנאלט דער דונער,
זאָל ער קנאלען.
פאלט א מבול,
זאָל ער פאלען.
אָ! ווי לוסטיג ס׳איז דער וואנדער,
ווען דו הערסט ווי ס׳פאלט פונאנדער
איבער דיר א דונער קנאל...



זאָלען שווארצע כמארעם ציהען,
זאָלען בליצען פלאמען, גליהען,
זאָלען בייזע דונערם קנאלען,
זאָלען מבול־רעגענם פאלען,
ליכטיג אָפען אונז ענטקעגען
ליגען נייע, פרייע וועגען...

1910



## פאר דער קוזשניע

פון שטאָהל און פון אייזען
פערלאנגט איהר א ליעד —
טאָ מאכט מיר א קוזשניע,
ווי ס'פאסט פאר א שמיעד.

איהר גיט מיר א בלאָז־זאק,
א האמער, א צוואנג,
און איך וועל אייך שמיעדען —
פון שטאָהל א געזאנג...

*

פאר אייך, וואָס איהר ווילט זיין
צוזייט און צושפרייט,
פאר אייך וועל איך שמיעדען
אַ שטאָהלענע קייט;

פון שטאָהלענע רינגען
א קייט שלאָג איך אוים,
און שמיעד אייך צוזאמען,
און לאָז אייך ניט לויז.

און איהר וואָס קענט לעבען
אָהן ווילען, אָהן מוטה,



פאר אייך געה איך שמיעדען
אן אייזערנעם קנוט.

אן אייזערנעם קנוט פאר אייך
שמיעד איך באלד אויס,
און טרייב אייך צום לאגער
פון שונא ארויס.

*

און איהר, וואָס איהר זוכט נור
רחמנות און טרויסט,
פאר אייך שמיעד איך תיכף —
אן אייזערנעם־פויסט.

און הער איך פון אייך נור
דעם מינדעסטען קרעכץ,
דאן נעהמען וועט האָגלען
פון לינקס און פון רעכטס,

אריבער די קעפ אייך
דער אייזערנער פויסט:
דאָ האָט איהר פאר איינס שוין
רחמנות און טרויסט.

און איהר, וועלכע וואָגעלט
ארום אויף דער ערד
מיט האָפנונג אין הארצען,
אייך שמיעד איך א שווערד!

א שווערד מיט צוויי שארפען
פאר אייך שמיעד איך אויס,



און פיהר אייך מיט חצוצרות
צום קאמפף־פלאץ ארוים.

*

פון שטאָהל און פון אייזען
פערלאנגט איהר א ליעד —
טאָ מאכט מיר א קוזשניע,
און איך ווער א שמיעד...

1910



## אויף טאָרקוועמאַדאָ'ס רוף

„שפּאַניען עפענט איהרע טויערן
פאַר'ן אידישען פאָלק".
(ציימונגס־ניים).

שווייג שטיל.. און הער: אויף יענער זייט די גרויע מויערן,
דאָרט רעש'ט. עס קלינגען שליסלען און אָט עפענט ווער די
טויערן.
הא! — טאָרקוועמאדא,ביידע הענד ביים מויל, צורייסט די
לופט
מיט קולות גרילציגע. דו הערסט, ער רופט, ער רופט:
„אברבנל, אברבנל!
קום זעה, איך האָב דיין וועג מיט ווייסע רויזען אויסגעשפּרייט.
און אונטער סאמעט־חופות, קרוין און סצעפּטער ליעגען
אָנגעגרייט
פאר דיר, פאר דיר, אברבנל!

„די שעהנסטע טעכטער מיינע ציטערען, אין גליהענדען
פערלאַנג,
צו זעהן דיך בלויז;
בעגעגנען דיך מיט יובעל־טענץ און פרייד־געזאַנג.
און זעה מיין רייכען טיש, לכבוד דיר אַליין, געדעקט;



בעלאָדען שווער, מיט פרישען האָניג און מיט אַלטען ווייז,
און פון געווירצען אַלערליי, מיין זיסע לופט, די וועלט
פערשמעקט.
טאָ קום־זשע, קום, אברבנל, צו מיר אריין.

„דו שווייגסט ? ! און דיינע אויגען קוקען ווילד, משונה גרויס.
און ווי אַ בליץ, פון אוים דער כמארע, שלאָגט פון זיי דיין
חשד ארויס
דו קוקסט אויף מיינע הענד, זיי זיינען שאַרלאַך רויט.
דאָס איז, אברבנל, פון רויטען זונען־אויפגאנג בלויז.
דען זעה, דורכזיכטיג איז ביי מיר מיין ברוינע הויט
און צאַרטער פון דעם בלעטעל פון אַ יונגער גאָרטען־רויז.

„מיין שוואַרצען פריסטער־ראָק בעקוקסטו מיט פערדאַכט ? !
אומזיסט דיין חשד, איך האָב פערגעסען זיך, פערגעסען בלויז
איהם אויסצוטרייסלען, נאָך דער שוואַרצער, לאַנגער נאַכט.
און דאָ און דאָרטען אין אַ פּאָלד, א שאָטען ליגט פערשטעקט;
אַ שאָטען פון דער נאַכט. און האָט זיך איצט ענטפּלעקט
און קוקט פון מיינע פאַלעס שוואַרץ ארויס.
אָט זעה, איך טרייסעל באַלד מיין מאַנטעל אוים.
די שוואַרצע נאַכט, די שאָטענס און דעם שטויב,
און וועט ער וויים, ווי ווייסער פוך,
וואָס פאַלט אַרונטער פון דער יונגער טירקעל־טויב.

„טאָ קום, אברבנל, וואָס האַלט דיך איצטער נאָך צוריק ?
דיך שרעקט מיין קול, מיין גרילציג קול ? —
דאָס קלינגט מיין שטים אזוי פון צופיעל פרייד און גליק —"

* * *



שפּיי אוים דריי מאָל, און קום און קום אַוועק !
אַ יעדער וואָרט, וואָס פאַלט ביי איהם פון ליפּ אַראָפּ,
אויף דיין נשמה פאַלט, ווי ס'פאַלט אויף פרישען שנעע
אַ שוואַרצער, שוואַרצער פלעק.

אויף זיינע הענד ניט קוק. זיי זיינען רויט פון בלוט,
און רויטער נאָך, אצינד אין גאָט'ס געבענשטען זונען־גלוט.
זיין פריסטער־ראָק, ניט פון דער שעהנער נאַכט איז שוואַרץ:
דער אש פון הונדערט שייטער־הויפענס ליעגט אויף איהם
און אין די פאַלדען זיינע לאָקערען די שאָטענס פון זיין האַרץ...

קום בעסער, קום מיט מיר אַהין, וואו ס'ברויזט דער ווילדער ים
צי דאָרט, אַהין, וואו ס'וואַרפט דער פייער־באַרג זיין לאַווע־
פלאַם.
עס רעדט דער ווילדער ים, און זאָגט דעם אמת דיר אַרוים.
דער פייער באַרג מאַכט אויף זיין האַרץ,
און גיסט פאַר דיר זיין הייסע לאַווע אוים.
דאָרט קלינגט דער ריינער אמת פריי און אונגעשטערט,
דאָס קלאָרע אויג דיינס זעהט, דיין אָפען אויער הערט.
און געהן אַהין האָט גאָט דיר ניט פערווערט.

נאָר ניט אויף י ע נ ע ם וועג, צו י ע נ ע גרויע מויערען,
די שפּורען פון מיין פוס אויף י ע נ ע ם וועג ניט זוך.
פערשלאָסען האָב איך הינטער זיך די טויערען
און יעדען שלאָס פערזיעגעלט מיט אַ פלוך.

1915.



## דער פאַלשער פּאַסטוך

עס ציהען זיך פינסטערע כמאַרעס
און ווינדען רציחה'דיג בלאָזען,
אָה, פּאסטוך וו'היִן ביזטו ענטרונען,
דיין סטאַדע וואו האָסטו געלאָזען ?

דו האָסט זיך אוים פּחד, וואו אונטער
אַ ווערבע אַן אַלטער בעהאַלטען ? !
דער בליץ וועט די ווערבע געפינען
און איבער דיין קאָפּ זי צושפּאַלטען.

און האָסטו זיך הינטער אַ סקאַלע
פערבאָרגען, און שטעהסט דאָרט פערציטערט, —
אַ דונער וועט טהוּן, און די סקאַלע
וועט ווערען אויף ברעקלאך צושפּליטערט.

די בליקען פון לעמעלעך מילדע,
וואָס דו זוכסט אין שרעק צו פערמיידען,
אין בליץ וועלען דיר זיך ענטפּלעקען, —
אויף שטיקער דאָס הארץ דיינם צושניידען

די קולות, די פּחד־געשרעהען,
וואָס דו ווילסט פון זיך איצט פעריאָגען, —
אין דונער־קראַך וועסטו זיי הערען,
זיי וועלען דיין זעעל דיר דערשלאָגען !...



*   *   *

פול די נאַכט מיט אימת־מות,
פול מיט צער דער ווינד —
מאַמע, טראָג אַרוים דאָס וויעגעל
מיט דיין איינציג קינד.

מיט דעם ווינד לאָז אָפּ דיין וויעג־ליעד,
זים מיט טרויסט און רוה,
צו אַ הויכען פעלז, א וויסטען
בינד דאָס וויעגעל צו.

אויף דעם הויכען פעלז, דעם פרייען,
זאָל דער שטורעם־ווינד
וויעגען, וויעגען אָהן אן אויפהער
דיין איין־איינציג קינד.

שמייכלען זאָל דער בליץ מיט פייער
אין זיין וויעג אַריין ;
און דער קנאַלענדיגער דונער
זאָל דאָס וויעג־ליעד זיין.



# אַ בריװעלע

(פון די אונפערגעסליכע טעג)

איך האָב אַ בריװעלע פון דר'הײם,
און דאָרטען שטעהט געשריעבען:
„זײ װײסען, אַז מיר האָבען זיך
פון שטאָדט אַרױסגעקליבען!

„עס האָט בײ אונז זיך אױפגעבױט
אַ „שטעדטעלע" אַ נײעס,
און דאָרטען יואוינען מיר אצינד
אָהן שרעק און אָהן אחריות...

„געװנוג האָט בלוט און מאַרך געקאָסט,
אהין דאָס איבערקלײבען —
אױ, גאָטעניו! מיר זאָלען דאָרט
כאָטש אונגעשטערט שוין בלײבען!

„נאָר װי עס איז, מיר האָבען דאָ
כאָטש אַלע פרײע דירות...
מען זאָל אונז ניט מקנא זײן
אויף אונזער גרױס עשירות...

„פאַר יעדערען אַ שטיבעלע,
אַפילו בלױז פיער אײלען.



נאַר, דאנקען גאָט, מען דאַרף זיך ניט,
מיט שכנים כאָטש־בע טהיילען.

„עס איז אפילו פינסטער דאָ,
ניטאָ קיין שטראַהל צו זעהען,
נאַר עט, מען איז שוין לאנג געוואָהנט
אָהן ליכט זיך צו בעגעהען...

„דערפאר האָט אָבער יעדערער
אַ בוימעל פאַר זיין דירה,
וואו אין די שטילע זומער נעכט
די פויגעל זינגען שירה.

„און שעהן איז אונזער שטעדטעלע,
און שטיל איז אַ מחיה...
און אָט־אזוי־אָ קומען צו
דאָ טעגליך דירות נייע...

„נאַר ווי עס איז, מען וואָהנט דערווייל
אָהן שרעק און אָהן אחריות.
און איצטער זיי מיר, קינד, בעגליקט —
ניטאָ שוין מעהר קיין נייעס...“

.1906



# ווידערשטאַנד

צעהן טויזענד רויטע טראָפּען בלוט
פאַר דיין יעדוועדען טרער
האָב איך געצאָהלט און צאָהל.
דו דינגסט זיך און דו פאָדערסט מעהר.

דו קריצסט די צייהן און שרייסט מיט גיפט און גאל: —
„איך וויים ניט ווער דעם ערשטען צלם האָט פערטראַכט,
דאָך וויים איך: — דו דער ע ר ש ט ע ר האָסט
מיט געטליך בלוט איהם רויט געמאַכט! — —“

— דאָס האָב איך דאָך פאַר ד י י נ ע זינד
אַ קרבן־חטאת דאַן געבראַכט!
מיין אייגען פלייש און בלוט, מיין אייגען פלייש און בלוט.
און זעה: —
אין דאָרן־קרוין, דעם קאָפּ דעם מיעדען אויף אַ זייט געבויגען
רוהט,
דאָרט אויף דעם קרייץ,
דיין וועלט־ערלעזער, ער, דיין האָפענונג, דיין שטאָלץ.
און ווייסטו ניט צו וועמען עס געהערט
דאָס זון־פערברוינטע צלם־האָלץ ?!
דאָך איין זאַך וויים!
צו מיר געהער דיין וועלט־בעפרייער׳ס יעדער טראָפּען בלוט!..

פאַר דיינע זינד האָב איך אַ קרבן איהם געבראַכט.



און דורך זיין צער האָסטו פון שטראָף זיך אויסגעקויפט.
און ריין ביזטו געוואָרען, ריין,
ווי ס׳קען נור זיין אַ ניי־געבוירען קינד.
נאָר דו פערגעסט, פערגעסט געשווינד,
און רייצענד קלינגט אין אויער דיר דער גלאָק פון זינד;
דער פאַלשער בליאַסק פון יעדען גען
פערבלענדט דיין אויג און מאַכט עס חשך־בלינד.
און ווידער קניעסטו אין דעם שטן׳ס טעמפעל טאָג און נאכט,
און פול התלהבות ביז צו טרערען אויפגעבראַכט
פערגעהסטו זיך אין זינדיגען געבעט, אין ווילדען פסאַלם־
געזאַנג.

דו ביסט מתפלל, און דו פרעפעלסט אַזוי לאַנג
ביז ווען דיין שפּל הארץ ווערט קראַנק פון געצען־דינעריי,
און שווער און שווערער דיין נשמה ווערט
און זינקט אין דיר ווי בליי,
דאַן הייבסטו דיינע מוטנע אויגען אויף צושטרייט
און זעהסט און קוקסט איהם אָן : —
אין דאָרן־קרוין, דעם קאָפּ געבויגען אויף אַ זייט,
דאָס ווייסע, צאַרטע מיידעל־לייב זיינס נאַקעט בלויז,
ניט מעהר ווי אויף זיין הארצען בלוטעט נאָך די רויז,
און אויף די הענדפלעך, אויף די געטליכע,
זיך רויטלען נאָך קאָרעלען עטליכע...
א בלייך צוקרימטער שמייכעל צוויקעלט דיין געזיכט ;
אין אויג אין מוטנעם שימערט אויף אַ רוהיג ליכט,
און ווי פון אוים אַ נעבעל, דיר אַ רעיון זיך ענטפלעקט : —

„די אַלטע ערד איז דאָ און דאָרט געדיכט מיט וואַלד בעדעקט
און דעמבעס, ריעזען דעמבעם וואַקסען אָהן אַ שיעור,
א צלם מאַכען איז ניט שווער, — — א יעזוס פעהלט נאָך דיר.“



און דאַן — און דאַן דערמאַנסטו זיך אָן מיר...
דו קלערסט : —
„כ׳וועל בלויז בעווייזען זיך פאַר איהם, און ער וועט שוין
פאַנאַנדערשטרעקען ביידע אַרעמס ווייט און ברייט,
און בויגען שטום זיין קאָפּ אונטער מיין דאָרן־קרוין ;
די אויגען שליסען פרום און שעפּטשען : „איך בין גרייט !"
און דאַן וועט עפּנען זיך די וואונד ביי איהם אין האַרצען שטיל
און בלוטען, בלוטען אָהן אַ שיעור און טריעפען פיעל איך וויל!
דאַן וועל איך קניען אַ רגע אין זיין געטליכקייט
און ווידער ווערען ווי אַ מאָהל פון מיינע זינד בעפרייט..."

אַ חלום נור אַ חלום און ניט מעהר.
הער !

די הענדפלעך מיינע זענען שוין ניט ווייך און ווארעם ווי אמאָל,
און שטרעק איך מיינע אַרעמס ווייט און ברייט ענטגעגען דיר
דאַן היט זיך, היט זיך, דען מיין האַנד האָט זיך ביי מיר
פערוואַנדעלט אין אַ פויסט פון האַרטען, קאַלטען שטאָהל.
מיין וואונד, וואָס האָט פאַר דיר געבלוטעט לאַנג,
פערבּיטען איז געוואָרען אין אַ שלאַנגען־מויל ;
און יעדער טראָפּען בלוט, וואָס האָט פאַר ד י ר געטריפט,
געוואָרען איז אַצינד אַ גלוטיגע גיהנום קויל !

און שטעלסטו טויזענד צלמים אויף, — זיי בלייבען לעהר
ניטאָ, ניטאָ ביי מיר פאַר דיר קיין יעזוס מעהר !...



# דער נייער חבר

און שווער געהאנגען איז דער חשך איבער מיר,
געהאנגען שווער און פינסטער און געדיכט.
בלויז ערגיץ אויף דעם שפּיץ פון הויכען באַרג,
האָט קליין און שוואַך געשעמערירט אַ ליכט.
דאַן האָבען מיר בעגעגענט זיך.
אין חשך האָב איך ניט געזעהען דיין געזיכט,
דיין נאָמען ניט געוואוסט, דיין חלום ניט געקענט;
כ'האָב בלויז געפיהלט, אַז דיינע אויגען זענען אויך
צו יענעם ווייטען ליכט געווענדט.
און אין דער פינסטער האָבען זיך
צונויפגעקלאַמערט אונז'רע הענד.
פערשוואונדען איז אויף איינמאָל אונזער שרעק,
און דרייסטער זענען מיר
צוזאַמען אויף דעם זעלבען וועג אַוועק.

איצט שטעהען מיר ענטגעגען הויכען באַרג,
און ליכטיג שטראַהלט דאָס ליכט אויף אונז אַראָפּ.
טאָ וואָס־זשע האָסטו, ווי אַ זינדיגער, אַראָבגעלאָזט דיין קאָפּ?
טאָ וואָס־זשע האָסטו, ווי אין שרעק, די אויגען אָבגעווענדט?
דיין האַנד פון מיינער פלינק בעפרייט,
און ס'פּנים זיך פערשטעלט מיטביידע הענד,
און אויסגעריסען האָט זיך פון דיין האלדז אַן „אוי“!
איצט שלוכצעסטו,



און דיינע אַקסלען עפּעם ציטערען אַזוי ;
פון צווישען דיינע פינגער שפּארען זיך אַרוים
די טרערען דיינע, ליכטיג, שווער און גרוים.

צו האָסטו ביי דעם העלען שיין פון ליכט
דערזעהען פלוצלינג מיין געזיכט ;
דערזעהען און דו האָסט מיך באַלד דערקאַנט,
און מיט אַ וועהטאָג זיך דערמאַנט,
ווי שווער דו האָסט אַ מאָל געזינדיגט געגען מיר ?

ווי שווער און גרוים עס זאָל דיין זינד ניט זיין —
איך האָב פערגעסען און בין מוחל דיר...

כ'בין מוחל דיר.
און פיהלען וויל איך בלויז דיין האנד אין מיינער איינגעפּרעסט,
דיין שולטער צו מיין שולטער צוגעטוליעט פעסט.
און קלינגען זאָלען ביי מיין זייט מיר דיינע טריט
בעגלייטענדיג דעם ריטעם פון מיין נייעם ליעד...

.1915



## נאַכט און שטורעם

חשך, פינסטער. אין דעם הימעל
הענגט אַ דריקענדיגע מורא.
חבר, רעד א וואָרט, בעפריי מיך
פון דער שטומער מרה־שחורה...

— שוואַרצע כמאַרעם ציהען אויבען.
חבר, לאָמיר וואו זיך שיצען !...
— זוך דיר שוץ, און איך וועל קוקען,
ווי עס פלאַקערען די בליצען...

— ס'גליווערט איבער אונז דאָס חשך.
נאַכט וועט אונז אין וועג פאַרכאַפּען !
— געה דיין וועג, און איך וועל הערען
אין דער נאַכט דער דונער קלאַפּען...

פריי ענטקעגען בייזען הימעל
שטעל איך זיך אַוועק, און עפען
מיינע אויגען : גאָט פון שטורעם !
וויז דעם בליץ, וואָס דאַרף מיך טרעפען...

ווי אין טיעפען ים זאָל שפּיעגלען
זיך דער בליץ אין מיינע אויגען.
נאַכט און שטורעם, נאַכט און שטורעם !
און איך טרוים פון רעגענבויגען...

.1914



## זאָל מיר דוכטען

זאָל מיר דוכטען כ׳בין אַ ווערבע,
ערגעץ אויף אַ סטעפּ פערלאָזען.
און צורייצטע ווינטען בלאָזען.
זאָל מיר דוכטען כ׳בין אַ ווערבע !...

זאָל מיר דוכטען כ׳בין אַ פעלז־שטיין,
און אַ כמאַרע איז געפאַלען,
אויף מיין קאָפּ, מיט דונער־קנאַלען.
זאָל מיר דוכטען כ׳בין אַ פעלז־שטיין !

זאָל מיר דוכטען כ׳בין אַ שטערען,
און אין מיטען פון מיין שטראַהלען
בין איך אין דער נאַכט געפאַלען.
זאָל מיר דוכטען כ׳בין אַ שטערען !...

# אויפ׳ן שלאַכטפעלד

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — א מורא׳דיגער קראַך
און מעהר געדענקט ער ניט קיין זאַך.

און ווען ער האָט פון בייזען חלום אויפגעוואַכט,
האָט מילד אויף איהם אַראָבגעבליקט די נאַכט.

און דאָ און דאָרט, אַ וואָלקענדעל שפּאַצירט.
און דאָ און דאָרט, אַ שטערען שימערירט...

— — — — — — — — — — — א שווידערליכער טרוים.
ער טראַכט און ער דערמאָנט זיך קוים : —
עס קלאַפּט די פּויק, עס טומעלט ווילד און קנאַלט.
און ס׳וויקעלט זיך אין קנוילען, פינסטער שוואַרץ,
דער רויך אַריבער זיי, און קויקעלט זיך און פאַלט...
און ס׳קלאַפּט די פּויק, און ס׳פּויקט דאָס האַרץ...
און פלינקער הויבען זיך די פיס צום גאַנג — —
קיין ברעקעל ווילען און קיין שטויבעלע פערלאַנג.
און פלוצים, עפּעס הודיעט איבער איהם און קנאַלט,
ער הויבט די פיס און — —
פאַלט
און פאַלט
און פאַלט — —



— — — און מעהר געדענקט ער ניט קיין זאך.
בלויז ווען ער האט פון בייזען חלום אויפגעוואכט,
האט מילד אויף איהם אראבגעבליקט די נאכט.

און ביי דעם זוים פון הימעל רוים,
אין אומעט זיך שפאציערט
א בלאסע די לבנה. קוים
איין שטערען שימערירט.
און אין דער הויך א וואלקענדעל, א זילבערנער, זיך שיפט.
און קיהל און דריבנע פאלט דער טוי.
א ווינטעל אטהעמט שטיל, אזוי
אז הערען קען ער ווי ביי איהם די וואונד אין הארצען טריפט...

און נאך האט איהם זיך וואס געדאכט: —
אז ערגעץ אין דער בלייכער נאכט,
א שאטען פויזעט אום און זוכט.
און עמעץ וויינט, און עמעץ לאכט — — —
און עמעץ קרעכצט, און עמעץ פלוכט.
און דומפפיג־שוואך א הארץ וואו קלאפט.
און פון זיך שטרעקט זיך אויס די האנד
און נישטערט אין דער נאכט און טאפט
דאס פייכטע גראז ארום.
און ס'רייסט פון הארץ זיך אויס אן „אוי“ : —
צי איז דאס בלוט ? צי איז דאס טוי ? !

— — — וואו ביזטו, קאמעראד ?... וואו ביזטו, קאמעראד?...

פערשוואונדען שוין די נאכט.
און ווייט איבער די מזרח־בערג, די זון,



זיך קויקעלט גלוטיג־רויט און רונד.
עס קוקט זיין אויג און גאפט : —
איז דאס גאט'ס זון ? איז דאס מיין וואונד ? !...

די מיעדע אויגען האלב פערשטארט
צום קלארען הימעל שטום געריכט : —
אָ, נאך א טראפען מארגען־ליכט —
אָ, גאט, איין קורצע רגע ווארט.
בלויז טרוימען וויל איך נאך איין טרוים : —
מיין לאנד — — מיין דארף — — מיין היים — — —
נאך איין מאל וויל איך אין דיין ליכט,
מיט מיינע בליקען צערטלען איהר פערטרעהרט געזיכט...

שא... שטיל — — א צארנדיגעס קראקען רופט,
א ראב א שווארצע פלאטערט אין דער לופט.
ער עפענט זיינע שטארע אויגען ברייט : —
צו שאלט ניט וואו דער שלאכט־טרומפייט ? — — —
איך געה — — איך קום — — איך בין געגרייט — —
— — — וואו ביזטו, קאמעראד?... וואו ביזטו, קאמעראד ?...

.1915



# אויס דעם טאַגעבוך פון אַ געפאַלענער

(געפונען אונטערן געצעלט פון מארם)

האָסט אָנגעפילט דעם כוס און איך האָב אויסגעטרונקען,
דאָס גאַנצע פייער, ביז די סאַמע לעצטע פונקען,
און בין א שיכור'ע ביי דיר אין שוים געזונקען.

און דו האָסט פרעך געלאכט, און מורא'דיג געזונגען,
דיין ליעד האָט, פול געפאַהר, אין אויער מיר געקולנגען,
ווי ס'קלינגען אויף דעם ים, ביינאַכט די נעבעל־גלאָקען,
וואָס וואָרענען פון אונטערגאַנג די בלודנע שיפען...
איך בין בערוישט געווען און האָב זיך ניט געשראָקען,
און דו האָסט מיר דערוייל בעצירט די שעהנע לאָקען
מיט פייער־רויזען, און מיט רויטע לאָרבער־בלעטער,
ווי ס'פאסט פאר דיר, אָ, מאַרס, דו גאָט פון א ל ע געטער!

און היים האָסטו געקושט און תאוה'דיג געזונגען
פער'שיכור'ט מיר און דאן—מיין אונשולד פרעך בעצוואונגען..

איך האָב געבעטען זיך: — פיל אָן אויפס־ניי מיין בעכער
מיט פייער־בראנד, און נעהם צובלאָז איהם מיט מיין פעכער:
דער שוים זאָל זי'עדען רויט, דער דאמפף זאָל שטייגען העכער.
לחיים! נאָך אמאָל, כ'פערטרינק איצט מיין זכרון,
מיין צניעות און דעם טרוים פון מיינע מיידעל־יאָהרען...

* * *

צוריסען ליגט מיין קלייד, ביי דיינע פים, צוטראָטען,



מיין רויזען־קראַנץ אין מיסט, מיט שטויב און אַש פערשאָטען.
דאָס בלוט, אין לייב ביי מיר פון שאַנד איז שווארץ פערזאָטען.
און לאַכען קען איך ניט, און וויינען איז פערבאָטען.

איך זעה מיין סוף און דאַך, פיל אָן פון ס'ניי דעם בעכער !
לחיים נאָך אַ מאָל — ניט בלייבען זאָל קיין זכר
פון אַלץ, וואָס איז געוועזען, פון אַלץ, וואָס איז געוואָרען.
איך האָב פערטרונקען איצט מיין ליעבע און מיין צאָרען ;
די ליעבע פון דער טויב, די גאַל פון ווילדען טיגער,
די ליליע פון דעם טהאָל, די בלאנקע שווערד פון זיעגער —
פיל נאָך אַמאָל מיר אָן מיט פייער־בראַנד דעם בעכער.
לחיים ! — אַבגעווישט זאָל ווערען יעדער זכר...

ווי שעהן אין אַבענד־שיין דיין שווערד און קיווער גלאַנצען.
זינג לוסטיגער דיין ליעד, און איך וועל שכור טאַנצען.
מעהר פייער־רויזען אין די שוואַרצע לאָקען מיינע,
די ליפּען פאַרב מיר שאַרלעך־רויט, אזוי ווי דיינע.
די ברעמען מאָל מיר שוואַרץ, אין קארמעזין די באַקען.
בעדופט מיט רויטען־ויין מיין ברוסט, מיין האלז און נאקען.
און אין דער שוואַרצער נאַכט דיין תאוה־ליעד זאָל קלינגען —
דאָ האָסטו נאָך אַ קוש, — איך וועל זיך מעהר ניט דינגען!..

---

אָ, זעהט מיין רויטען קראַנץ ארום די פייכטע לאָקען,
און הערט מיין טאַנץ, בעגלייט פון טויזענד קירכען־גלאָקען.
אַהער, ווער טרינקט מיט מיר, ווער טרינקט מיט מיר לחיים ?
אַהער, ווער וויל אַ רויז, ווער וויל אַ קוש שיריים ?
אהער, אהער, ווער וויל אַ זופּ ביי מיר פון בעכער ?
צו מיר, איהר לעסטערער, איהר מארס־און־גאָט פערשוועכער !

---

1915.



## דאָס אייביגע ליעד

(ביים קבר פון י. ל. פרץ)

שטילער... שטילער... אין איהר כשוף
איז דאָס ליעד זיינס אויסגעגאנגען.
ביי די וואַסערען פון בבל
האָט דער אַלטער, גרויער אָבל
נ אָ ך אײן האַרפע אויפגעהאַנגען...

אונטער יענער טרויער־ווערבע
אין אבלות זיצט ער ווידער,
און דאָס האַרץ זיינס זיפצט פערביטערט.
פון זיין זיפץ די ווערבע ציטערט.
און די האַרפע קלינגט מיט ליעדער...

האָ, ד י אַ ל ט ע כ ש ו ף ל י ע ד ע ר!
און די טענער פול בטחון,
אויף זיין אָבל־קאָפּ, זיך גיסען —
איז דאָס האַרץ אָבער צוריסען;
דאָס געמיט, פון צער צובראָכען...

1915.





## שאַ שטיל

שאַ, שטיל, שאַ, שטיל, עס רוהט די ווייסע וועלט אין שלום,
און אין דער בלויער נעץ, געשטריקט פון שטערען־שימער,
זיך צאַפּעלט, ווי אַ גילדען פישעלע, דער חלום.

אין ווייסען אטלעס־ליכט די גאסען ווייט זיך ציהען;
אין שאָטענס, בלוי געהילט, שווין דרימלען לאנג די הייזער.
עס חלום׳ט מיעד די שטאָדט, און בלויז דער טהורעם־זייגער:
טיק־טאַק, טיק־טאַק, טיק־טאַק,
ארום דעם ציפער־בלאט טרייבט אום די פוילע ווייזער...

ליעג רוהיג צו מיין הארצען, ליעבסטע, צוגעוואקסען,
און זאָלען זיך פון טאָג די קרענקונגען פערהיילען.
דער שאָטען אונטער אונז און איבער אונז דער חלום.
טיק־טאַק, טיק־טאַק, טיק־טאַק:
די הערצער אונזערע זיך מיט דעם חלום טהיילען...



# אין געלען ליכט־שימער

שטאָק־נאַכט — זאָל דאָס ליכטעלע ברענען,
האַלב־דונקעל, אבי איך זאָל קענען,
אַריבער מיין בוך דעם פערמאַכטען,
מיין אייגענעם שאָטען בעטראַכטען.

און וואָס איך וועל פיהלען און קלעהרען,
וועט רוהיג מיין שאָטען בלויז הערען :
וועט הערען און שטום זיך בעוועגען,
און קיין זאך, און קיין זאך ניט פרעגען.

דאָס ליכטעלע קאָסט מיר ניט טהייער,
ווי היימליך איז אָבער זיין פייער,
ווי רוהיג עס פלאַמט, ווי בע׳ישוב׳ט,
פער׳חלום׳ט, און עפּעס פער׳כשוף׳ט...

איך ציה מיר אַראָב די גאַרדינען : —
אַ שטערען ז׳אין הימעל ערשינען.
כ׳האָב מורא אין מיט פון זיין שטראַהלען,
צו זעהן איהם אַ ברענענדען פאַלען...

און איצט, — זאָל דאָס ליכטעלע ברענען,
כסדר, ביז איך וועל דערקענען,



ווי ס'פייערעל הויבט אָן צו וואַנקען,
פער'שכור'ט, און צאַנקען און צאַנקען...

אַ ווײַלע, און אויס, שוין פערלאָשען.
דאָס ליכטעל געקאָסט האָט אַ גראָשען.
ס'איז גאָרנים, ס'האָט קיין זאַך געטראָפען.
שטאָק־פינסטער — גוט נאַכט — איך געה שלאָפען...

1915.



# האַלב־דרימלענדיג

פלאַמט אויף דאָס ליכטעלע און ווארפט
א בראַנזיג־געלען שימער,
האלב־דונקעל, פאַר מיין אויג שוועבט אום,
אַ בילד וואָס הענגט אין צימער.

אין בראַנזיג־געלען נעבעל שווימט
פערביי מיין אויג און ציטערט,
דאָס בילד: — אַ פאַסטוך אויף אַ סטעפּ
זיין שעפסען־סטאַדע פיטערט.

דעם פאַסטוך'ס זאמדיג־גרוי געזיכט
צום גרינעם גראָז געבויגען,
די שאָף זיי קוקען אומעטיג,
מיט גרויסע, פייכטע אויגען.

און גרעסער, גרעסער וואקסט דאָס בילד,
די סטאַדע, דאַכט מיר, רעגט זיך,
און זעה! — אין יעדער שעפסען־אויג,
אַ ליכטעלע בעוועגט זיך...

אַ סטאַדע אויגען, אויגען בלויז,
און ליכט, אַלפי אלפים!



טהייל ברענען געל, טהייל ברענען רויט...
טהייל בלאנקען ווי חלפים !...

אַ בייזער חלום — גאָט מיין מיין גאָט ! —
אַ חלום נור אודאי — — —
דאָס ליכטעל שימערט קוים און צאנקט,
דער פּאָסטוך היט זיין סטאַדע...

.1915



# מ י ע ד

מיעד — און ס'איז די רוה פערשוואונדען.
כ'האָב אַ ליכטעל אָנגעצונדען,
זאָל עס דונקעל, דונקעל ברענען.
שלאָפען וועל איך היינט ניט קענען.

אָט, איך נעהם אַ בוך זיך לעזען: —
ס'איז אַמאָהל, אַמאָהל געוועזען
ערגעץ, צווישען זיבען טייכען,
אין אַ גרויסען שלאָס אַ רייכען
אַ געפאַנגענע פרינצעסען,
איינזאַם פון דער וועלט פערגעסען.

איהרע אויגען, בלויע הימלען,
וואו חלומות־וועלטען דרימלען.
פון איהר קאָפּ, ווי גאָלדנע קוואַלען,
איהרע לאָקען פרעכטיג פאַלען;
וואַשען קיהל די ראָזע באַקען
און פערפלייצען בריסט און נאַקען —

זעלטען שעהן איז די לעגענדע,
און איז ווייט נאָך ניט צו ענדע.
מיעד.



פאַר די אויגען מיינע שווימען
טויזענד ציטערדיגע פלאַמען,
ערגעץ רוישען שטילע ים'ען,
און פערררוישען אין דער לופטען — —
פייכטע, קיהלע לאַקען דופטען — —
און די ליפען מיינע שפירען,
ווי א הויך וואָלט זיי בעריהרען,
לייכט און מיט אַ שטילען ציטער.
עמעץ וויספערט: „קום מיין ריטער,
דאָרט וואו ס'פליסען זיבען טייכען,
רונד ארום מיין שלאָס מיין רייכען —
קום — — — — — — — — — — — — —"



* * *

(נאָך א פרעמדען מאָטיוו)

נישטיגער פון שטויב, וואָס ליגט אויף מיינע שיך,
נישטיגער פון ווערבע־בלאַט, וואָס וואַלגערט זיך
אין גאַס,
בין איך.

דער וואַנדער־שטויב, וואָס ליגט אויף מיינע שיך ביי מיר,
וועט אפשר ווען דער ווינד פערטראָגען צו דיין טיר.
דאָס פוילע ווערבע־בלאַט קען האָבען נאָך דעם זכות,
צוטראָטען ווערען, אפשר, פון דיין ליעבען פוס.

און איך ? !
נישטיגער פון שטויב, וואָס ליגט אויף מיינע שיך,
נישטיגער פון ווערבע־בלאַט, וואָס וואַלגערט זיך
אין גאַס, —
בין איך !

.1915



# ביים פעסט *

עראינערנדיג זיך אָן י. באָוושאָווער

אַ שטוהל אַ ליידיגער ביים טיש,
אַ פולער קעלישאַק מיט וויין.
געלאַדען איז אַ ליעבער גאַסט,
וואָס וועט היינט דאָ מיט אונז ניט זיין.

און ליידיג בלייבען וועט זיין שטוהל,
און פול און ניט בעריהרט זיין כוס.
אַ בייזער כשוף־מאַכער האַלט
פערשפּאַרט איהם אין זיין וויסטען שלאָס...

אַ טיעפע מרה־שחורה הענגט
פאַר זיינע פענסטער, און פערשטעלט
זיין זון, וואָס האָט זיך ווי זיין גייסט
געגאָסען אויף דער ווייסער וועלט...

---

* דאָס ליעד איז געשריבען געוואָרען צום יובעלעאום פון „דער פרייער ארבייטער שטימע“, פון וועלכער י. באָוושאָווער איז געוועזען פאַר יאָהרען לאַנג איינער פון איהרע נאָהענטסטע מיט־ארבייטער. י. באָוושאָווער איז יעצט אין אַן אנשטאַלט פיר גייס־טיג־קראַנקע.



ווי קראָהען שוואַרצע פלאַטערען
די טרוימען זיינע דורך זיין קאָפּ,
און פון דעם חשך בליקען זיי
אויף זיין צושטערטער וועלט אַראָפּ...

אַ שטוהל ביים טיש און אויבענאָן
א בעכער אָנגעפילט מיט וויין;
לחיים, טרינקט צום גאַסט, וואָס איז
געלאַדען און וועט דאָ ניט זיין...

.1915





# די ראב

פון עדגאר ע. פאָו.

איינמאָהל אין אַ נאַכט אַ גרויער, שווער בעטריבט פון טיעפען טרויער,
בין איך מיר פערזאָרגט געזעססען, גריבלענדיג זיך אין א בוך ;
פלוצים האָט דערהערט זיך קלאַפּען, ווי פון זאַנפטע רעגען־טראָפּען,
ווי ס'וואָלט איילענדיג ווער טאַפּען — טאַפּען, זוכענדיג מיין טיהר.
„ס'איז געווים אַ נאַכט־בעזוכער, קומט פערשפּעטיגט איצט אַהער —
בלויז נור דאָס און קיין זאַך מעהר“.

אה, ד'געדענק דאָס נאָך אַצינדער ; ס'איז געווען אַ נאַכט אין ווינטער.
יעדער נאַכט־שאָטען בעזונדער האָט אַ שרעק ערוועקט אין מיר ;
כ'האָב מיט וועה ערוואַרט דעם מאָרגען, כ'האָב געזוכט פון ביכער באָרגען
טרויסטונג פאַר די ליידענס־זאָרגען — זאָרגען אונערטרעגליך שווער ;

פאר דער שעהנהייט, ווען מען ס׳רופען די מלאכים אָן לענאָר*)
וועלכע לעבט שוין דאָ ניט מעהר.

און דאָס שאָטענדיגע מינען אויף די פורפורנע גאַרדינען
איבערפילט האָט מיין נשמה מיט אַ שוידערליכען גרויל.
אום די שרעק׳נים צו פערטראָגען, האָב איך זיך גענומען זאָגען:
„ס׳קומט ווער איילענדיג צו יאָגען אין דער שפעטער נאכט
אהער;
ס׳איז געוויס אַ נאַכט־בעזוכער קומט פערשפעטיגט איצט
אהער —
בלויז נור דאָס און ק י י ן ז א ך מ ע ה ר“.

באלד האָט דאָך מיין האַרץ גענומען ווערען שטאַרקער, צו זיך
קומען.
„הערר צי דאמע“ — נעם איך שטאמלען — „ווארט א רגע נאָר
און הער:
כ׳האָב געוואָלט אַ דרימעל כאַפען, פלוצים הער איך, דו נעמסט
קלאַפען
שטיל ווי איינער וואָס וואָלט טאַפען — טאַפען זוכענדיג מיין
טיהר: —
אָט איך עפען איצט די טיהר אויף און איך לאַד דיך אייַן
אהער“. —
— פינסטערנים און ק י י ן זאך מעהר

מיט עקשנות און בעהארצטקייט מיינע אויגען אין דער
שווארצקייט
פון דער נאכט אַריינגעגעסען, האָב איך לאַנג אַזוי געבליקט,

*) פאָ׳ס פאנטאסטישע געליעבטע.



און די שטילקייט איינגעפרווירען האָט זיך מיר אין מיינע
אוי'רען,
דאָך איין־איינציג וואָרט פערלוירען טראָגט זיך אום אין חשך
מעער,
נור דער צאַרטער, שעהנער נאָמען, נור דער מילדער קלאַנג
„לענאָר" —
בלויז נור דאָס און קיין זאך מעהר.

מיט דעם פייער פון דער העללע, אויפגעפלאַמט ביי מיר אין
זעעלע,
האָב איך זיך צוריק אין קאַלטען, פייכטען צימער אומגעקערט.
נאָר דערהערט האָט באלד זיך קלעהרער אין מיין טהיר דאָס
קלאַפּען שווערער.
„איצט איז שוין קיין צווייפעל מעהרער: עמיץ קומט געוויס
אַהער" —
און איך עפען ברייט די טהיר אויף, האלט דעם אָטהעם איין
און הער —
„בלויז דער ווינד און ק י י ן ז א ך מ ע ה ר".

אום מיין צאָרען אויסצוגיסען, האָב איך וויטענד אויפגעריסען
טיהר און לאָדען און פון דרויסען איז אַריין אַ שוואַרצע ראב.
לאַנג האָט זי זיך אומגעטריבען — און האָט ענדליך זיך פער־
קליבען
אויף מיין ביוסט, און איז געבליבען קראַקענדיג דאָרט זיצען
שווער,
קראַקענדיג מיט ווילדע קולות, כריפּענדיג פערשטיקט און
שווער —
„בלויז נור דאָס און ק י י ן ז א ך מ ע ה ר".



לאנג און שטרענג האָט זי בעטראַכט מיך, ביז כ'האָב נערוועז
אַזש צולאַכט זיך
פון דעם שווידערהאַפטען אָנבליק, פון דער טייפליש ווילדער
ראַב.
„שד!" — האָב איך געגומען ברומען — „שד, ווען וועט דיין
קול פערשטומען?
זאָג: פון וואו ביזט דו געקומען, ווער האָט דיך פעריאָגט
אַהער?
זאָג, דערצעהל מיר, ווי מען רופט דיך, ווי דיין נאָמען איז
ערקלעהר!"
און זי ענטפערט: „ק י י ן מ אָ ל מ ע ה ר!"

לאנג האָב איך דאַן אַ פערקלעהרטער נאָכגעדענקט די מאָדנע
ווערטער,
ווערטער, וועלכע האָבען ווייניג וואָס בעדייטונג געהאט פאַר
מיר.
ניט געקענט האָב איך ערקלערען זיך דעם רעטהזעל אָט דעם
שווערען:
האָט געקענט פאַרבלאָנדזשעט ווערען אַזאַ פויגעל גאַר אַהער?
איז נאָך ווען אמאָל געקומען אזא ווילדע ראב אהער
מיט דעם נאָמען: „ק י י ן מ אָ ל מ ע ה ר"?

דאָך די ראַב, זי זיצט נאָך אימער אויף מיין ביוסט ביי מיר
אין צימער,
קראַקענדיג די זעלבע ווערטער — איהר פערשאָלט'נע זעלענ־
שפּראַך —
חוץ איהר קראַקען דאָ כסדר, ריהרט זיך ניט אויף איהר קיין
פעדער.
פיעלע פריינדע האָבען, ליידער, מיך פערלאָזט שוין און איך
קלעהר:



„איך ווערסטו מיך באלד דאָ לאָזען צו מיין שיקזאַל גרויזאם
שווער ?"

נאָר די ראב שרייט : „ק י י ן מ אָ ל מ ע ה ר !"

איבעררּאַשט בין איך געוואָרען פון דעם ענטפער, פון דעם
קלאָרען.

„זיכער איז די ראַב אנטרונען פון אַ שיקזאַל פונקט ווי מיין ;
פונקט ווי מיין קען זיין דאָס צימער, וואו עס האָט איהר
איינגענטהימער
טרויעריג געזונגען אימער פון אַ מזל וויסט און שווער —
נאָר פון אַלע זיינע ליעדער, שיינט, געבראכט האָט זי אַהער —
בלויז דעם איינעם : „ק י י ן מ אָ ל מ ע ה ר".

ענדליך בין איך ווילד געוואָרען, אויסער זיך צוקאָכט פון צאָרן,
האָב איך שנעל גענומען פעכטען מיט די פויסטען אַרום זיך.
ביז ערשעפּפט פון קאַמפף פון שווערען, האָב איך זיך געזעצט
מיט טרערען
און גענומען טראכטען, קלעהרען, טרעפען חידות טיעף און
שווער,
וואָס די ווילדע ראב, די שוואַרצע, וועלכע קומט דורך נאַכט
אַהער
מיינט דאָס מיט דעם „ק י י ן מ אָ ל מ ע ה ר".

לאנג באַן איך אזוי געזעסען, שאַרף די אויגען איינגעגעסען
אין דעם אשמדאי דעם ווילדען, אין דעם העסליך בייזען שד. —
פון דעם באַלקען, פון דעם נאַסען, האָט דאָס לעמפּעלע
צוגאָסען
טרויעריג זיין שיין, זיין בלאַסען, איבער'ן צימער קאַלט און
לעער,



און פון ביוסט האָט אַלץ געהערט זיך נאָך איהר קראַקען
דומפּף און שווער
רק דער זעלבער : „ק י י ן מ אָ ל מ ע ה ר“.

ענדליך האָב איך דאָך פערלאָרען די געדולד, און האָב פול צאָרן
אויסגעשריען : „גאָט, צו טייפעל, הער שוין פייניגען מיך אויף !
נעם דיין פּרצוף צו פון דאַנען. געה, איך וויל דיך מעהר ניט קאָנען ;
קעהר זיך אום אהין, פון וואַנען האָסט פערבלאָנדזשעט זיך אהער,
לאָז מיך איינזאַם דאָ פערבלייבען, עלענד, פונקט ווי ביז אהער“.
נאָר די ראָב שרייט : „ק י י ן מ אָ ל מ ע ה ר“.

„זאָג, ערקלער מיר, גאָט צו טייפעל, מאַך מיך פריי פון ווילדען צווייפעל !
האָבען בייזע ווירבעל־ווינדען דיך אַהער אין נאַכט פאַרפיהרט?
זאָנסט, וואָס האָט געקענט דיך טרייבען דאָ דיין נעסט זיך אויסצוקלייבען ?
זאָג : ווי לאַנג וועסטו נאָך בלייבען אין מיין צימער, וויסט און לעער ?
ווען וועסטו מיך ענדליך לאָזען מיט מיין שיקזאַל גרויזאַם, שווער ?“
און די ראָב שרייט : „ק י י ן מ אָ ל מ ע ה ר“.

„נביא, מאַך מיך פריי פון צווייפעל; נביא, מלאך אָדער טייפעל,
איך בעשווער דיך ביי די הימלען, ביי דעם גאָט, וואָס איבער אונז ;



זאָג מיר: וועט מיין גייסט, פול ליידען, ווען בעגעגנען אין גן־עדן
יענע הייליג שעהנע מיידעל, יענע הימלישע לענאָר ?
וועל איך זעהן נאָך מיין געליעבטע, זאָג מיר, נביא, זאָג, ערקלעהר ? !"

און די ראָב שרייט: „ק י י ן מ אָ ל מ ע ה ר".

„זאָל דאָס זיין דער לעצטער ליגען !" האָב איך צאָרניג אויסגעשריגען, —
„קעהר צוריק זיך אין דעם חשך, אין דעם נאַכטליך־שוואַרצען תהום !
לאָז קיין פעדער דאָ, קיין שוואַרצען — צייכענס פון דיין פאַלשען הארצען —
רייס ניט אויף די אלטע שמארצען, אלטע וואונדען, אלטע וועהן;
ציה אַרויס דיין שאַרפען שנאָבעל פון מיין הארץ וואָס ליידעט שווער !"

נאָר די ראָב שרייט: „ק י י ן מ אָ ל מ ע ה ר".

און די ראָב, זי זיצט נאָך אימער אין מיין דונק'לען, פוסטען צימער,
אויבען אויף אַ ביוסט פון פ אַ ל ל אַ ס *) אויף דעם געזימס איבער מיין טיהר,
און די אויגען איהרע ווינקען ביסטרע, שפריצענדיג מיט פונקען,
וועלכע ווערען גלייך דערטרונקען אין דעם שאָטענדיגען מעער.
און מיין שאָטען, וועלכער פלאַטערט אין דעם חשך, טיעף און שווער —
שטייגען זאָל שוין ק י י ן מ אָ ל מ ע ה ר !...

*) די גריכישע געטין פון ווייזהייט.



# דער חלום פון יודזשין אראם *)

פון טהאָמאַס הוד

דאָס איז געווען אין פריהילנגס צייט,
אַן אבענד פריעדליך שטיל,
און חברה איז פון שולע פריי
אַרוים צום אבענד־שפיעל,
און שטיפענדיג און לאכענדיג,
אַוועק צום וואַסער־מיהל.

מיט הערצער פריי און ריין פון זאָרג,
מיט שטיפריש־ווילדען זינען,

*) דאָס געדיכט איז ווירקליך געגרינדעט אויף א וואהרען פאקט, צו וועלכען הוד האָט צוגעמישט א ביסעל פון זיין רייכער פאנטאזיע, און דאדורך עס געמאכט פאר דער בעסטער ענגלישער באלאדע, א חוץ קאלרידזש'עס „ענסיענט מערינער" („דער אלטער מאטראָז"). ס'האָט געלעבט א מאן מיט דעם נאָמען יודזשין אראם, א לעהרער צו יענער צייט אין דער ענגלישער שטעדטעלע לינן. אין יאָהר 1745 האָט ער ערמאָרדעט א שוסטער מיט דעם נאָמען קלארק, אום איהם צו בערויבען פון זיין קליינעם פערמעגען. פיערצעהן יאָהר נאָך דער געשיכטע איז אראם ענטדעקט געוואָרען דורך דער פערראטה פון זיינעם א מיטהעלפער אין דער שרעקליכער מאָרד־טראגעדיע, און איז געהאָנגען געוואָרען אין 1759. די קינדער האָבען אויך דערצעהלט, דאָס ער פלעגט מיט זיי רעדען פון שרעקליכע מאָרד־געשיכטען. **איבערזעצער.**



איז חברה איילענדיג אוועק
איבער פעלדער בליהענד־גרין.
ריין האָט די זונן פון מערב־זייט
געשטראַהלט נאָך איבער לינן.

שטיל איז אַרום דער שולע יעצט,
די טוי׳רען צוגעמאכט,
דער לעהרער זיצט נור אויף די טרעפּ
פערטרויערט און פערטראַכט.
זיין האַרץ איז שווער און ניט געשטילט
פון פריעדליכען פאַרנאַכט.

ער זיצט זיין גרוי בעשנעעטען קאָפּ
אויףביידע הענד געליינט,
זיין אויסגעבלייכטער פּנים טריעב,
זיין שטאַרער בליק פערשטיינט;
און צווישען זיינע קניהען שטייף
אַ בוך האַלט ער און ליי׳נט.

די דאַרע האַנד מישט בלאַט נאָך בלאַט,
דער טריעבער בליק פאָלגט נאָך,
עס זוכט דאָרט זיין נשמה רוה
אין אינהאַלט פון דעם בוך;
פון לעזען פיעל איז מאַט זיין בליק,
זיין פּנים ווייס ווי טוך.

נור ענדליך הויבט ער אויף זיין קאָפּ,
זיין בליק פערשטאַרט און בלאַנק
און שליסט דאָס בוך, זיין איינציג פריינד;



זיין טרויסט, זיין גאָט־געשאַנק.
„אַך, גאָט, וואָלט איך אַזוי געקענט
פאַרמאַכען מיין געדאַנק“.

נאָר פלוצים הויבט ער אויף פון בוך
זיין מיעדען קאָפּ בעזאָכט ;
ניט וויט פון איהם דאָרט זעהט ער, זיצט
אין שאָטען פון פאַרנאַכט
אַ קליינער יונג און האַלט אַ בוך
און בלעטערט, לעזט און טראַכט.

„מיין גוטער יונג, וואָס לעזטו דו דאָרט,
פון רייכטום, גליק, צו נויט ?
דיין פּנים'על שיינט אויפגערעגט,
די אויגלעך פייכט און רויט“.
און טרויעריג ענטפערט איהם דאָס קינד :
„איך לעז פון הבל'ס טויט“.

דער לעהרער האָט זיך אויפגעכאַפּט
ווי פון אַ ווילדען פיין,
ווי איהם געטראָפען וואָלט אַ קויל
אין קראַנקען האַרץ אַריין,
נאָר באַלד האָט ער בערוהיגט זיך
און האָט גערעדט פון קין.

„ווי פיעלע מאָרדען האָט זייט דאַן
די צייט שוין דורכגעמאַכט,
ווי פיעל האָט דאָס די רויטע האַנד
געהיים אין שוואַרצער נאַכט,
אין וועלדער ווייט, אין טהאָלען טיעף
שוין לעבענס אומגעבראַכט“.



„פון קבר שרייט דעם קרבן'ס בלוט
צום הימעל מיט פעררעטה,
עס דעקט קיינמאָל, קיינמאָל ניט צו
די ערד דעם מערדער'ס טהאַט,
אין לעבענס בוך פערגעהט קיינמאָל
דאָס בלוט בעשריבנע בלאַט".

„און בייזע גייסטער בלאָנדזשען אום,
פערפאָלגט אין קין'ס שטראָף,
געיאָגט פון ווילדען ראַכע־גייסט
צום פיינליך בייזען סוף,
ניט איינמאָל שוועבט פאַר מ י ר פאַרביי
אַזאַ מין בילד אין שלאָף".

„ווי שרעקליך, אך, ווי שוידערליך
ס'איז צו בעגרייפען קוים,
וועה דעם, וואָס רייסט אונצייטיג אָפּ
די פרוכט פון לעבענס בוים !...
בעגאַנגען בין איך לעצטע נאַכט
אַזאַ מין מאָרד אין טרוים".

„א פרעמדען מענש, אַן עלענדען,
פערלאָזען, קראַנק און אַלט,
איהם האָב איך אין אַ שוואַרצער נאַכט
פערפיהרט 'ן אַ וויסטען וואַלד :
„דיין סוף זאָל זיין !" און ס'הייבט זיך אויף
מיין שווערער פויסט און פאַלט, —

„צוויי שווערע קלעפּ אין זקן'ס ברוסט,
דעם דריטען מיט אַ שטיין.
און ס'פאַלט דער אַלטער, קראַנקער מאַן



מיט שמערצליכע געשריי'ן —
אַן אונבעוועגליכער סקעלעט
א הויפען הויט־און־ביין".

„א מת, מיר דאכט, וואָס איז ניט מעהר
קיין בייז צו טהאָן אימשטאַנד !
נור וועה, זיין אויג, זיין שטאַרער בליק —
אַ העליש ווילדער בראַנד,
און איהם דערשטיקען האָט קיין מאַכט
זאָגאַר דעם מערדער'ס האַנד".

„און פלוצלים כאַפט זיך אַן די לופט
מיט'ן ווילדען פלאַם און גלוט,
צעהן טויזענד אויגען בליקען ווילד
אויף מיר אַראָפּ מיט וואוטה,
און וויט און ברייט מיר דוכט זיך שטראָמט
אַ ים, אַ ים פון בלוט".

„מיט שוידער האָב איך דאַן דערזעהן,
ווי דורך דעם נאַכט־טומאַן
פערבלוטיגט שטייגענדיג פאַר מיר,
דעם קאָרפּס פון טויטען מאַן,
געשוועבט האָט ער אַ רגע און
צוריק פערזונקען דאַן".

„אָה, גאָט, דער שוידערליכער טרוים,
דאָס בילד פון טויטען גרייז,
דאָס מאַכט מיין קאָפּ מיר שווער ווי בליי,
מיין האַרץ ווי דיקע אייז.
ווי שווער, ווי שווער, ווי גרויזאַם שווער
דער מערדער צאָהלט זיין פרייז".



„און פון דעם הימעל בייז און גרוי
ערשאַלט האָט מיט אַמאָל
די שטימע פון דעם ראַכע־גייסט,
— אָ, גאָט, דער ווילדער קול ! —
בעהאַלט דעם מת אין ברודנעם שטראָם
העט, אונטען, טיעף אין טהאָל !"

„כ'האָב שנעל געכאַפּט דעם מת און בין
אַוועק אין טהאָל צום שטראָם,
א שרעקליך טיעפער וואַסער דיק
בעדעקט מיט ברודנעם שוים —
מיין גוטער יונג, פערגעס זיך ניט !
דאָס אַלץ איז בלויז א טרוים".

„געזונקען איז די טויטע פעסט
אין טיעפען שטראָם ווי בליי,
גיך האָב איך אָבגעשוויינקט דאָס בלוט
פון מיינע הענד, און פריי
דעם צווייטען טאָג אין שולע איך
געלערנט פון דאָס ניי".

„געבליעבען בין איך יענעם טאָג
מיט אייך אין שולע שפּעט,
ניט וואגענדיג בעגלייטען אייך
אין הייליגען געבעט.
דען טמא איז מיין הארץ געוועזן
פון זינדיגען סעקרעט..."

„און ווען די נאַכט האָט איבער אייך
די פליעגעל אויסגעשפּרייט,
האָט מיך דער שוואַרצער גייסט „פון שולד"



צום קאַלטען בעט בעגלייט,
פערציהענדיג מיין נאכט־גאַרדין
מיט פינגער בלוטיג רויט“.

„אין אַנגסט האָב איך געראַנגעלט זיך
די העליש לאנגע נאכט,
און יעדעס מאָל כ׳האָב איבער געוואַלט
די אויגען צוגעמאכט,
געזעהן האָב איך דעם ווילדען טרוים
און האָב אין אנגסט ערוואַכט“.

„געלעגען בין איך יענע נאכט
אויף זשאַר, אויף סאַמע גלוטה,
און אין מיין ברוסט האָט יעדעס מאָל
צופלאַמט זיך יענער וואוטה,
דער פריה׳רדיגער אינסטינקט נאָך מאָרד,
נאָך פרישע מענשען בלוט“.

„איין שרעקליכער געדאַנק האָט, ווי
אַ מעכטיגער טיראַן,
בעהערשט מיין גאַנצע ווילענס־קראַפט,
מיין יעדען נייעם פּלאַן;
געטריבען מיך צו געהן און זעהן
אין טהאָל, דעם טויטען מאַן“.

„שווער האָב איך אויפגעהויבען קוים
מיין גליהענד הייסען קאָפּ,
און בין מיט וואנקענדיגע טריט
אין טיעפען טהאָל אַראָפּ,
און טרוקען איז געוועזן דער שטראָם
און וואַסער ניט קיין טראָפּ!“



„ערוואכט האָט פרעהליך אויף א בוים
די לערכע אין איהר נעסט,
נאָר מיר האָט ניט געריהרט איהר ליעד,
דען איך — צו דר'ערד געפרעסט,
בין ווייעדער דורכ'ן דונקעלען וואלד
געלאָפען מיט דער פעסט..."

„געשטראַהלט האָט שוין דער יונגער טאָג
דורך'ן בלויליכען טומאַן,
און אום אַ גרוב צו גראָבען איז
קיין צייט געבליעבען דאַן,
איך האָב אין וואַלד מיט בלעטער בלויז
פאַרדעקט דעם טויטען מאַן".

„די צווייטע נאכט בין איך בסוד
אין דונקעלען וואַלד אַוועק, —
אַראָפּגעריסען האָט אַ ווינד
פון מת זיין בלעטער־דעק,
און נאַקעט האָב איך נאָך אַמאָל
געזעהן דעם מת מיט שרעק".

„ערשט דאַן האָב איך צו דר'ערד געקניהט
אין צער'פולען געבעט,
דען כ'האָב געוואוסט, די ערד וויל ניט
בעהאַלטען מיין סעקרעט,
און פרעסט די צייט שוין אויף דאָם פלייש
פערבלייבט דאָך דער סקעלעט".

„אוי, דורות לאנג וועט אונזער גאָט
דעם מערדער ניט פערצייה'ן,
ביז ווען דער בייזער ראַכע־גייסט



זיין שווערען חוב מאָהנט איין,
— עס מעג ווי שווער, ווי גרוייזאם שווער
שוין זיין חרטה זיין —"

„אָ, גאָט, דער בייזער, בייזער טרוים,
דאָס שוידערליכע בילד,
עס פלאַקערט אויף אין מיר מיין בלוט,
עס מאכט מיר טהיריש ווילד,
דער טיגער, שיינט, איז געגען מיר
אין הונדערט פאַכען מילד".

„און נאָך געפין איך ניט קיין רוה,
מיין צער איז מדבר־גרוים!"
מיט שרעק הויבט אויף דער קליינער יונג
זיין בלאָנדען קאָפּ פון שוים
און זעהט אראם'ס געזיכט בעדעקט
מיט דיקע טראָפּען שווים.

* * *

ביינאַכט, ווען רוה האָט היים געקוסט
דעם אינגעל'ס יעדן גליעד,
האָט אויף דעם שלאָף פון לינן, אַראַם
געשלעפּט זיך בלייך און מיעד —
אין מיט פון שטרענגע וועכטער צוויי —
אין קייטען שווער געשמידט...



# אַ געזאַנג פֿון תּפֿיסה.

פון אָסקאַר ווײַלד
(פרייע איבערזעצט)

I

געטראָגען האָט ער ניט אויף זיך
זיין מאַנטעל שאַרלעך־רויט.
אין בלוט און ווײַן איז נור געווען
די האַנד וואָס האָט געטויט
די, וועמען ער האָט טרײַ געליעבט
און זיך אָן איהר פערטרויט.

אין תּפֿיסה האָט ער אומגעשפּאַנט
מיט טריט געשיקט און פריי;
דאָס ברודנע מיצעל אויף זיין קאָפּ,
דער אַנצוג שטויביג־גרוי, —
זיין אויג האָט בלויז געהיימניספול
געקוקט צום הימעל־בלוי.

כ׳האָב קיינמאָל, קיינמאָל נאָך געזעהן
אַן אויג וואָס קוקט אַזוי
פער׳חלום׳ט אויף דעם הימעל פלעק;
דאָס שטיקעל הימעל־בלוי,
און ף׳ יעדען ווייסען וואָלקענדעל
וואָס זעגעלט שטיל פערביי...



געשפּרייזט האָב איך אין תפיסה־הויף,
װי איינער אין א שלאָף,
און בלויז געטראַכט: װאָס איז זיין זינד,
און װאָס װעט זיין זיין שטראָף?
ביז איינער האָט מיר שטיל פערטרויט:
„דער שטריק װעט זיין זיין סוף".

אָ גאָט, מיין גאָט! װי שוידערליך,
װי װילד, װי גרויזאַם־װילד.
אַ שוואַרצער פּחד שווער, װי בליי
מיין הארץ האט איבערפילט.
און איך, — דער צער, דער סאַמע צער
האָב מעהר קיין לייד געפיהלט.

כ'האָב נור געפיהלט װאָס איהם פערפּאָלגט
אזוי די גאַנצע צייט,
װאָרום ער קוקט צום לעצטען טאָג
מיט דורשט און זשעדנעקייט;
ער האָט געטויט די זאך ער ליעבט,
איצט װאַרט ער אויף דעם טויט.

*

און יעד'רער טויט די זאַך ער ליעבט —
איהר װאַרט אַ װייל' און הערט!
דער מיט א בייזען בליק, און דער
מיט װערטער זיס צושטערט.
דער פייגלינג טהוט עס מיט א קוש,
דער בראַװער מיט אַ שווערט.



דער טויט זיין ליעב׳ ווען ער איז יונג,
אוּן דער, ווען ער ווערט אַלט.
דער שטיקט מיט הענט פון לײדענשאַפט,
אוּן דער, מיט הענט פון גאָלד.
דער בראַווסטער נוצט דעם מעסער, דען
דאָס מאַכט דעם מת גיך קאַלט ...

ווער ס׳פערקויפט די ליעב׳, און ווער עס קויפט
פאַר גאָלד און צאָהלט אין באַאר ;
ווער ס׳טהוט די טהאַט מיט טרערען — און
ווער אָהן אַ זיפץ זאָגאר —
א יעדער טויט די זאַך ער ליעבט,
נור ניט יעדער שטאַרבט דערפאַר.

*

ער שטאַרבט ניט מיט אַ טויט פון שאַנד
דורך הענקער און געריכט,
אַ פעטלע אויף זיין בלויען האַלז ;
׳ן אַ טוך אויף זיין געזיכט,
ער פאַלט ניט דורך אַ שוואַרצען לאָך
׳ן אַ פינסטערניש געדיכט.

ער זיצט ניט מיט קיין שטומער וואַך,
וואָס היט איהם נאָכאַנאַנד ;
וואָס היט איהם ווען ער רופט צו גאָט,
פון טיעפען צער און שאַנד ;
וואָס היט, ער זעלבסט ניט רויבען זאָל
דאָס רויב פון הענקער׳ס האַנד.

ער וואַכט ניט אויף פאַרטאָג צו זעהן
נאַכט־שאָטענס פול זיין צעל,



דעם גלח בלייך און שווידערנדיג,
דעם הענקער אויף דער שוועל,
דעם ריכטער שווארץ געמאַנטעלט, מיט
א פּנים וואקסיג־געל.

ער וואכט ניט אויף אין טויטען אנגסט
צו זעהן ווי אין דער טהיר,
דער קערקער־דאָקטאָר שטעהט און היט
דיין יעדען מוסקעל ריהר,
מיט בליקען נאָך פיעל שווערער, ווי
די קייט וואָס הינטער דיר.

אויך קען ער ניט דעם פיעבער־דורשט,
דעם מדבר־דורשט, ווי דער
וואָס הערט בשעת דער הענקער קומט,
מיט טריט געדומפּפען שווער,
מיט „לעדער צונגען" בינדען איהם,
אום ער זאָל ניט דורשטען מעהר.

ער בויגט ניט אָן זיין קאָפּ כדי
צו הערען דעם אורטהייל,
בשעת ביי איהם אין האַרצען לעבט
קיין אַנדער זאַך ווי גרויל,
און קוקען ווי עס עפענט ברייט
דער טוידט זיין שוואַרצע מויל.

ער קוקט ניט אויף דער בלויער לופט
דורך'ן גלאָז־דאַך דונקעל, קליין:
ער פּרעפּעלט ניט מיט ליפּען בלייך



און אַ האַרץ פון שווערען שטיין,
אַ תפלה, וועלכע קען קיין מאָל
צום הימעל ניט דערגעהן...

## II

זעקס וואָכען האָט ער אומגעשפּאַנט,
'ן זיין אַנצוג שטויביג־גרוי;
דאָס ברודנע מיצעל אויף זיין קאָפּ,
די טריט געשיקט און פריי;
דער זעלבער זשעדנער בליק, געריכט
צום פלעק פון הימעל־בלוי.

כ'האָב קיינמאָל ניט געזעהן אַן אויג
אַזוי ערנסט אַנגעשטעלט
אויפ'ן ברעקעל בלוי וואָס יעדער רופט
ביי אונז דאָס הימעל־צעלט;
דאָס ברעקעל בלוי וואָס רעכענט זיך
ביי אונז די גאַנצע וועלט.

ער פלעגט ניט ברעכען זיינע הענד,
ווי ס'טהוט עס יענער נאַר,
וואָס רופט פול־האָפענונג צו גאָט
פון אוים זיין טיעפען צער.
ער פלעגט די זון בעטראַכטען נור
און דאַנקען גאָט דערפאַר.

ער פלעגט ניט קלאָגען אויף זיין בראָך,
זיין ענדלאָז טיעפען פיין,



האָט נור געזופּט די לופט, ווי דאָס
א באַלזאַם־טרונק וואָלט זיין;
מיט אָפען מויל די זון געזופּט,
ווי דאָס געווען וואָלט וויין!

און איך און אַלע עלענדע,
פערשטויסענע פון גליק,
געקוקט האָבען אויף איהם און טריעב
געווען איז יעדענס בליק,
געקוקט אויף איהם, אויף וועמען ס'וואַרט
דער הענקער, און דער שטריק.

און מאָדנע איז געווען צו זעהן
זיין גאַנג, געשיקט און גיך,
און מאָדנע איז געווען זיין אויג,
פערטיעפט און פייערליך,
און ווילד געווען 'ז דער קלער דאָס ער
טראָגט אַזאַ חוב אויף זיך.

*

שעהן איז דער דעמב אין גרינעם קלייד,
אין פריהלינג. מילד און בלוי:
אַזוי איז מיאוס דער גאַלגאַן־בוים,
פערפלעקט... און בלאָטיג־גרוי;
ווי, יונג צו אַלט, דאָס בלאָט זיינס פאַלט
אָהן זון־שיין און אָהן טוי.

דעם גנאַדע־שטול דערגרייכען וואָלט
זיך יעדערען געוועלט.



נאָר ווער וואָלט פאַר זיין לייטער זיך
דעם גאַלגען־סלופּ געשטעלט?
און טהאָן פון ד אָ ר ט דעם לעצטען בליק
אויף אונזער שעהנער וועלט...

ווי זיס עס איז דער טאַנץ, בעגלייט
פון פיעדעל טענער שעהן,
ווי ליעב ז'דער טאַנץ צום רוף פון פלייט,
ווי שעהן און פול מיט חן.
נאָר גאָר ניט זיס 'ז מיט קאַלטע פיס
פון שטריק אין לופט זיך דרעהן...

מיט שרעק און שטוינען האָבען מיר
געהיט זיינע לעצטע טעג,
זיך וואונדערענדיג, צי ליעגט עס ניט
פאַר אונז דער זעלבער שטעג,
דען די זעעל' אין זינד ווערט געבוירען בלינד
און די נאַכט האָט ניט איין וועג.

*

א סוף — מעהר שפּאַנט ער שוין ניט אום
אין אונזער קערקער־העלל,
געוואוסט האָב איך, דאָס ער איז איצט
פערשפּאַרט אין טויטען־צעל,
ז' אז קיינמאָהל וועל איך שוין ניט זעהן
זיין פּנים פאַרמעט־געל.

ווי שיפען צוויי פערשאָלטענע
'ן א בייזער שטורעם־נאַכט,



בעגעגנען זיך אין מיטען ים
אין ווערען אומגעבראכט, —
אזוי האָט אונז די בייזע זינד
אהער צונויפגעבראכט.

די קערקער־מויערען אַרום
אונז האַלטען ענג פערשטיקט:
פערשטויסען האָט אונז גאָט, און דאַן
פון זיך מיט כעס פערשיקט
אהער, און איבער אונז די נעץ
פון שטראָף און צער געשטריקט...

III

אין „שולדנער׳ם הויף" איז האַרט די ערד,
דער פרייער הימעל ווייט...
דאָרט „כאַפּט" ער פרישע לופט אַצינד
און שטום אויף יעדער זייט,
אַ שומר היט איהם, אַז ער זאָל
ניט שטאַרבען פאַר דער צייט...

וואָס היט איהם אויב ער וואַכט ביי טאָג
און אויב ער שלאָפט ביינאַכט,
וואָס היט איהם, ווען ער בעט צו גאָט,
צו ווען ער וויינט, צו לאַכט.
וואָס היט, ער זעלבסט ניט רויבען זאָל
דאָס רויב פון הענקער׳ם מאַכט...



שטרענג האָט דער ריכטער זיך געפיהרט
אין סדר טויטען־אַקט.
דער דאָקטאָר האָט ערקלעהרט דעם טוידט
אַלס וויסענשאַפטליך פאַקט.
דער פריעסטער — אַז דער טויד איז בלויז
אונשטערבליכקייט'ס אַנטראַקט...

און ער האָט זיך גערויכט זיין פייף,
געטרונקען זיין גלאָז ביער,
און קאַלט געקוקט זיך אויף דער וואַך,
וואָס דרעהט זיך פאַר זיין טהיר;
האָט אָפט בעמערקט: „עס פרעהט מיך, וואָס
דער הענקער וואַרט אויף מיר."

ווארום ער קוקט צום לעצטען טאָג
מיט בליקען פול מיט ליכט —
דערגעהן דעם מיין דערפון איז ניט
דעם וועכטער'ס שטרענגע פליכט:
דעם וועכטער'ס מויל דאַרף זיין אַ שלאָס,
אַ מאַסקע זיין געזיכט;

זאָנסט קען זיין האַרץ נאָך ווערען ווייך,
געריהרט, און מיט אַ טרעהר
דעם קרבן נעהמען טרייסטען נאָך...
און — גאָט! מיין גאָט! — ווי שווער
עס איז צו טרייסטען יענעם האַרץ
וואָס קען ניט האָפען מעהר!



אין קערקער־הויף, אין שמוץ און שטויב
מאַרשירט דער שאַנד־פּאַראַד...
וואָס קימערט אונז? מיר זיינען דאָך
דעם טייפעל'ס נאַכט־בריגאַד:
די קעפּ געגאָלט, די פּיס געשמידט —
אַ זעלט'נער מאַסקאַראַד.

געטריעפּעט האָבען מיר דאָס פלאַקס
פון שטריק, פאַר שטונדען לאַנג;
געקראַצט דעם דיל, געשווינקט די טרעפּ,
געשייערט שלאָס און שטאַנג;
און יעדער טראָט ווערט שטיל בעגלייט
פון טומפּען קעטען־קלאַנג.

מיר גהעען זעק, מיר האַקען שטיין,
און גהעען אויף מאַרשרוט.
מיר האַמערען דאָס גרויע בלעך
מיט הענד פערשמירט אין בלוט.
מען אַרבייט, — בלויז דער צער און גרויל
אין יעדענם הארצען רוהט.

און גהענדיג אַמאָל פאַרנאַכט,
פון אַרבייט, מיעד און פויל;
און טראָגענדיג אין הארץ ביי זיך
דעם אייביג־שטומען גרויל;
האָב איך דערזעהן אַ פרישען גרוב,
אַ טיעפעס, שווארצעס מויל.



אַ הונגעריגע בייזע מויל,
אַ קבר, קאַלט און לעהר;
„דיין בלוט! דיין בלוט!“ האָב איך געהערט
אַ קול פערדומפפטען שווער;
געוואוסט האָב איך דאָס מאָרגען פריה
וועט הייגגען פון אונז ווער.

ענטשלאָסען... איז אַ יעדערער
אַריין צו זיך אין צעל;
בשעת דער הענקער, רויט געקליידט,
דאָס פנים פאַרמעט־געל,
איז מיט זיין קליינעם פּאַק געצייג
פאַרבייגעלאָפען שנעל.

*

געוועזען זיינען יענע נאַכט
די קאָרידאָרען פול,
מיט נאַכט־געשפּענסטער אַלערליי
און ג׳שטאַלטען אָהן אַ צאָהל,
מיט אויגען, פראָסטיג, קאַלט און בייז
און בליקען בלאַנק ווי שטאָהל.

און ער ז׳געלעגען שלאָפענדיג
אין יענער שוידער־נאַכט;
„ווי שלאָפט מען עס אַזוי געשמאַק?“ —
פערגאַפט דער וועכטער טראַכט —
„ווי שלאָפט אזוי אַ מענש געשמאַק,
פון הענקער׳ס האַנד בעוואַכט?“



נאַר שלאָפלאָז איז דאָס עלענד האַרץ
פון וועה און טרעהרען שווער:
דאָס שטומע האַרץ וואָס האָט קיין מאָל
נאָך ניט געלאָזט קיין טרעהר,
וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט געוויינט
און ק ע ן נ י ט וויינען מעהר.

*

דאָך יענע נאַכט האָט קיינעם'ס האַרץ
קיין רגע ניט גערוהט;
געלעגען איז אַ יעדערער
אויף פלאַם, אויף סאַמע גלוטה;
געלעגען — און פון יעדען אויג
געטריפט האָט הייסעם בלוט.

צו יעדען שליסעל־לאָך קריכט צו
אַ וועכטער יעדעס מאָל,
און קוקט און זעהט מיט שרעק און גרויל,
גרוי' שאָטענס אויף דעם פאָל....
„ווי קניען מענשען, וואָס האָבען נאָך
פאַר גאָט געקניעט קיינמאָל?"

געקניעט די גאַנצע לאַנגע נאַכט,
געיאָמערט און געקלאָגט!
ביז ענדליך פון דער וויטען האָט
אונז פרעהליך אָנגעזאָגט
דאָס פריידען קול פון פרייען האָהן:
„שטעהט אויף, שטעהט אויף, עס טאָגט!"



דער שוואַרצער האָהן, דער רויטער האָהן,
שוין לאַנג האָבען געקרעהט,
דאָך ז'ווייט דער טאָג און ס'ליגט די נאַכט
די שוואַרצע אויסגעשפּרייט:
מיט נאַכט־געשפּענסטער איז נאָך אַלץ
דער קאָרידאָר פערזעהט.

און פיבעריש שפּרינגען זיי אַרום,
אין פינסטערניש געהילט;
ווי שדים וואָלטען זיך מיט אונז
„בעהעלטעניש" געשפּיעלט;
און מיר — מיר קוקען צו, און טיעף
דאָס בלוט אין הארצען קיהלט.

מיט טומפּע טריט אין אַ ווירבעל־ראָד
געשלאָסען האַנד אין האַנד:
אַרום מיט ווילדען אימפּעט יאָגט
פאַר אונז דער סאַראַבאַנד *);
אין דרויסען קרעכצט דער מאָרגען־ווינד
און שלאָגט די קערקער־וואַנד.

און לאַנג האָט זיך דער טאַנץ געיאָגט,
און ניט געוואָרען מיעד;
און פּלוצלונג האָט אַ גרילץ געטהאָן
אַ שווידערליכעס ליעד:

*) אזא סאָרט טאַנץ ביי די שפּאַניער.

אַ פּלייט פון גרויל, אין יעדער מויל,
בעגלייט האָט זיי די טריט.

און דאָס איז וואָס זיי האָבען אונז
געזונגען נאָכאַנאַנד:
„אין לעבענס־ווירפעל־שפּיעל איז נאָך
געווינען ווער אימשטאַנד!
נור אָהן געווינס איז די שפּיעל פון זינד
אין געהיימען הויז פון שאַנד...“

אוי, ניט קיין לופט־געשטאַלטען בלויז
זענען זיי פאַר אונז געווען:
פאַר אונז, וואָס וועלען אפשר שוין
די וועלט קיין מאָל ניט זעהן,
געוועזן זענען זיי נור בלוט און פלייש,
ווי מיר, ווי מיר אַליין...

פערבראַכט זיך האָבען זיי מיט אונז,
נאָך יענעם מאָרגען שפּעט;
געטאַנצט, געזונגען און געטאַנצט
דאָס שרעקליכע באַלעט:
צום לעצטען נאָך, געהאָלפען אונז
אין מאָרגענס גאָט־געבעט.

*

דער מאָרגען־ווינד קרעכצט יאָמערליך,
דאָך פלאַטערט נאָך און שוועבט
די שוואַרצע נאַכט, און ציהט און ציהט
פון חשך־קנויל און שלעפּט



דעם לאַנגען פּאַדעם נאָכאַנאַנד,
און שטריקט איהר נעץ און וועבט.

אַרום די גרויע תּפיסה־וואַנד,
דער ווינד לויפט ווילד און קלאָגט.
אין בוזעם טיעף, ווי האַמער־קלעפּ,
דאָס האַרץ אין פּחד שלאָגט:
„אָה, גאָט, האָסטו אונז אין דער נאַכט,
דער וויסטער, קאַרג געפּלאָגט?!"

נאָר ענדליך דורך די גראַטעס ווייזט
די זון איהר שטראַהלען־רוט,
נאָך קענטיג פריש געוואַשען פון
גיהנום'ס זינדער־בלוט;
און כ'האָב געוואוסט אַז ערגעץ פלאַמט
גאָט'ס בייזער מאָרגען־גלוטה...

*

ביז זעקס איז אַלץ פערקעהרט, פערראומט,
און רוהיג איינגעשטילט,
ווי פון אַ ריעזען פליעגעל־שוואונג
די לופט העננגט ווי פערקיהלט: —
דער גאָט פון טויט האָט איבער אונז
זיין באַנער אויפגעהילט.

ניט אין זיין מאַנטעל שאַרלעך רויט,
אין העלען פאַקעל־ליכט,
האָט אונז דער גאָט פון טויט ענטפּלעקט
זיין שאַנד־געפאַרבט געזיכט;



אַ שטריק, אַ ברעט און ער איז שוין
בערייט צו טהאָן זיין פליכט.

געקוקט מיט שוידער האָבען מיר,
ווי דורך אַ טול־גאַרדין,
געוואַרט מיט הערצער שטומע, אויף
דעם פינסטערען גזר־דין;
און צער און שרעק, און שרעק און צער
פער'סם'ט האָט יעדענס זינן.

די פינסטערע גערעכטיגקייט,
זי שפּאַנט מיט פעסטע טריט,
צוטרעט דעם שוועכלינג און דעם גבר,
מיט פּיס פון שטאָהל געשמידט;
צוטראַמפּעלט אין איהר ווילדען גאַנג
דעם שופט און פּאַראַזיט!

*

ביי זיך אין צעל איז יעדערער
געלעגען איינגעשפּאַרט,
און מיט אַ האַרץ, פערשטיינט פון צער,
אויף זייגער אַכט געוואַרט.
פון פיעבער איז די צונג אין מויל
געוואָרען איינגעדאַרט...

ווי צוגעשמידט איז יעדערער
געלעגען ביי זיין שוועל,
געוואַרט אויף יענעם קלאַנג וואָס קומט
בעפריי'ן אַ וויסטע זעעל;



וואָס צאַפּעלט זיך אין פּיין געקלעהמט,
פערשאָלטען אין איהר העל׳...

*

נאָר פּלוצים, און עס טהוט אַ זעץ
ווי מיט אַ פויסט פון שטאָהל
דער תּפיסה־זייגער, און די לופט
צושפּאַלט זיך מיט אַמאָהל.
אוים יעדער צעל׳ זיך רייסט אַרוים,
אַ גרימיג יאָמער־קול.

ווי איינער, וועלכער זעהט אין טרוים
אַ שרעקענס־בילד, אַזוי
האָב איך געזעהן דעם ברוינעם שטריק
אויפ׳ן גאַלגען דונקעל־גרוי,
ווען פּלוצים האָט מיך אויפגעוועקט
אַ גרילציג שאַרפער „אוי!“ —

און אָה, דעם שמערצליכען געשריי,
דאָס שוידערליכע קול,
פערשטעהען האָט איהם נור געקענט
מיין האַרץ פול צער און גאַל:
דען ווער עס לעבט פיעל לעבענס, דער
מוז שטאַרבען פיעלע מאָל.

## IV

ניטאָ קיין גאָטעס־דיענסט דעם טאָג.
אַ מענש ווערט הינגעריכטעט:
צו קראַנק איז דאָן דער פּריסטער, אום
צו טהאָן זיין הייליג פּפליכט,



און עפּעס מורא׳דיגעס רוהט
דעם טאָג אויף זיין געזיכט.

ביז שפּעט איז יעדערער פערשפּאַרט
געלעגען אין זיין צעל,
ביז ענדליך, ווי פון צויבער־הענד
האָט זיך געעפענט שנעל
איעדענס טיהר, און יעדער האָט
פערלאָזט זיין וויסטע העל׳.

„בעפרייט"... דאָך האָבען מיר קיינמאָל
זיך ניט געפיהלט אַזוי: —
דעם׳ס פּנים איז פון פּחד וויים,
און דעם׳ס פון טרויער גרוי;
און יעדענס בליק איז אָנגעשטעלט
אויף׳ן שטיקעל הימעל־בלוי...

אַזעלכע אויגען האָב איך זיך
קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט,
וואָס זאָלען מיט אַזוי פיעל צער
בעטראַכטען „אונזער וועלט",
און יעדען וואָלקענדעל, וואָס שפּרייזט
אריבערן הימעל־פעלד.

און מאַנכע האָבען אומגעשפּרייזט
פערשטאַרט און שטום פון צער.
געפיהלט האָט יעדערער: ווען ע ר
געקראָגען וואָלט דעם שכר,
געשטאָרבען וואָלט ער אויפ׳ן שטריק
שטאָט יענעם אַר׳מען נאַר...



דען יענער, וועמען דאָס געזעץ
האָט אויף דעם שטריק געבראַכט,
האָט בלויז גענומען דאָס, וואָס האָט
געעלבט, און טויט געמאַכט,
בשעת זיי האָבען, — עלענדע, —
די טויטע אומגעבראַכט...

דען יענער זינדער וואָס בעגעהט
אַ זינד אַ צווייטען מאָל,
וועקט אויף אַ טויטע זעעל' און מאַכט
איהר בלוטען נאָך אַ מאָל,
ער עפענט גאָר פון ס'ניי דאָס הארץ
פון וואונדען אָהן אַ צאָהל...

*

אין קליידער, אומגעלומפערט ווילד,
ווי צו אַ מאַסקאַראַד,
אין שמוץ און שטויב בעוועגט זיך פויל
דעם אשמדאי'ס בריגאַד
פון רעכט צו לינק, פון לינק צו רעכט
מאַרשירט דער שאַנד־פאַראַד...

די וועכטער שפּאַנען אַפּ און אויף,
אַט ווי מען געהט אַרום
אַ גרויסע סטאַדע ווילדע פיה,
און בליקען הארט און שטום,
אַ קעלט אַ שווידערליכע וועהט
און בלאָזט פון אומעטום.

דאָס אָפּ'נע גרוב פון היינט פאַרטאָג,
האָב איך איצט בלויז דערקאָנט:



אָן קליינעם בערגעל פייכטע ערד
האַרט פאַזע קערקער־וואַנד,
וואָס דעקט איצט צו אַ שוואַרצע זעעל'
מיט עלענד און מיט שאַנד.

אַ קליינעם בערגעל ערד און ליים,
אין שאָטען פון דער וואַנד,
דער קערקער־מוי'ר וואָס שטעהט און וואַרט
אויף גרעס'ר'ער שפּאָט און שאַנד,
דאָרט ליגט ער איצט די פיס געשמידט,
געהילט אין פייער־בראַנד!

*

דריי לאַנגע יאָהרען וועט מען ניט זעה'ן
קיין בלום, קיין גרעזעל דאָרט:
דריי לאַנגע יאָהר וועט נאַקעט שטעהן
דער גאָט פערדאַמטער אָרט,
און בליקען צו דעם הימעל שטום
און אָהן אַ פאָרוואורף־וואָרט.

מען דענקט אַ מערדער'ס האַרץ פערדאַרבט
די זריעה און פערצעהרט.
ס'איז פאַלש! גאָט'ס ערד איז מילדער, ווי
דער מענש, דער אכזר קלעהרט,
די רויטע רויז בליהט רויטער דאָרט,
די ווייסע ווייסער וועדט.

פון מויל אַ רויטע, רויטע רויז!
פון האַרץ אַ ווייסע בלום!
און הערליך געהן די בליטהען אויף
און זים איז זייער פאַרפום,



אַ מענש נור זוכט וואו עהרע רוהט,
דאָך גאָט איז אומעטום.

*

נור ניט קיין רויז, סיי רויט סיי ווייס,
קען בליה'ן אין ד י ע ז ע ן אָרט;
דאָס שערבעל און דאָס קרעמען איז,
אַלסדינג מען גיבט אונז דאָרט;
און קאַלט און שטאַר איז אַלץ אַרום,
ווי ס'שטרענגע ועכטער וואָרט.

אויף דיזען פלעק וואָס ליגט פערדעקט
אין שאָטען פון דער וואַנד,
בעווייזען וועט דאָרט קיינמאָהל ניט
די רויטע רויז איהר בראַנד,
דאָך אייביג, אייביג וועט דאָרט בליה'ן
די רויטע רויז פון שאַנד...

נור כאָטש די וויסטע קערקער־וואַנד
אַרום איהם שטעהט און היט,
און ס'קען ביינאַכט קיין גייסט ניט געהן
אין קייטען ענג געשמידט,
(דען וועכטער שטרענגע שפירען נאָך
זאָגאר אַ שאָטען'ס טריט)

ליגט ער אין רוה — דער עלענדער —
און ס'היילט זיך וואונד נאָך וואונד:
ניטאָ קיין וואַך וואָס זאָל איהם דאָרט
פעריאָהרען יעדע שטונד,
די ערד אַוואו ער רוהט פערמאָגט
קיין שטערען און קיין זון.

*

מען האָט איהם ווי אַ ווילדעס טהיער,
גערהאַנגגען מיט אַ פלוך,
זאָגאַר קיין ודוי ניט געזאָגט
מיט איהם, און באַלד דערנאָך,
ווי אַ נבלה איהם פערשלעפּט,
ן'פערשאַרט איהם אין אַ לאָך.

די קליידער האָבען זיי פון איהם
אראָבגעפליקט, און הויל
געלאָזען פאַר די פליעגען פריי
זיין קערפּער שווארץ ווי קויל,
און באַלד פון איהם זיך אָבגעקעהרט
מיט עקעל און מיט גרויל...

דער גלח האָט אפילו ניט
געקניעט איבער זיין גראָב;
און אָהן תכריכים, אָהן אַ שטיין,
ליעגט פוילענדיג דער טרופּ,
און קאַלט און פינסטער קוקט אויף איהם
די קערקער־וואַנד אַראָפּ.

און אַלץ איז אוים; געענדיגט שוין
זיין בייזער לעבענס־צוג:
און פרעמדע טרעהרען פילען אָן
דעם צובראָכ'נעם „מיטליידס־קרוג“,
וואָס אַרט אונז דען, מיר זענען דאָך
סיי ווי אין טיעפען קלאָג.



V

איך ווייס ניט צו ׳ס געזעץ איז גוט,
צו דאָס געזעץ איז שלעכט;
איך ווייס נור: שטאַרקער איז די וואַנד
ווי ס׳האַרץ וואָס זי צוברעכט;
און אַז די רגע׳ס ציהן זיך דאָ,
ווי לאַנגעווינטער־נעכט...

נור איינס איז קלאָר, דאָס יעדער דין
וואָס מענש דעם לעבען שטעלט,
(פון סאַמע ערשטען ברודער־מאָרד
ביים אָנהויב פון דער וועלט,)
פערמעהרט נאָר בלויז די דערנער אין
דער מענשהייט׳ס בלומען־פעלד.

און נאָך איין זאַך — אָט הערט זיך איין
מיט שכל, מיט פערשטאַנד —
אַ יעדער קערקער וואָס מען בויט,
ווערט געבויט מיט שטיין פון שאַנד,
געמישט מיט בלוט און טרערען איז
דער קאַלך אויף יעדער וואַנד.

מיט גראַטעס טרייבען זיי אַוועק
פון טאָג דאָס העלע ליכט:
דען נור דאָס פינסטערניש אַליין,
דאָס חשב׳נעם געדיכט,
פערטראָגען קען די מענשליכע
גערעכטיגקייט און פפליכט.



דאָס בייזע, פּונקט ווי ווילדע גראָז,
וואַקסט ראַש ביים קערקער־וואַנד:
ס'איז נור דאָס עדעלסטע אין מענש,
וואָס וועלקט דאָרט און וואָס וויאַנ'ט:
פערצווייפלונג איז דער גערטנער, און
דער צער זיין ר ע כ ט ע האַנד.

זיי קנוטעווען די שוואַכע פרוי,
דעם זקן טויב און בלינד;
פון דורשט און הונגער געהט דאָ אוים
דאָס שוואַכע קראַנקע קינד,
דאָס פּיצעלע וואָס איז נאָך ריין
פון מענשענ'ס שוואַרצע זינד!

אַ יעדע צעל — אַ נאַסע גרוב,
די ווענד פון שימעל גרין,
און קיין מאָל קומט קיין טראָפּען לופט,
קיין ביסעל שיין אַהין,
און אַלץ, חוץ אַש, ווערט דאָ צושטויבט
אין מענשהייט'ס דרעש־מאַשין.

דאָס גרינע וואַסער וואָס מען טרינקט
איז לויטער שלאַם און קויט,
מיט קרייד און קאַלך איז אָנגעפּילט
דאָס צוגעוואויגען ברויט.
און שלאָף מיט אויגען רויט און ווילד
שפּרייזט אום און רופט דעם טויט...

*

כאָטש דורשט און הונגער ווי די שלענג
זיך ראַנגלען טאָג און נאַכט,

געהט אונז קיין זאַך ניט אָן, דען אונז
דער צער האָט האַרט געמאַכט,
דעם שטיין מיר הויבען אויף בייטאָג —
ווערט אונזער האַרץ ביינאַכט.

מיט נאַכט בעשטענדיג אין זיין האַרץ,
מיט עלענד אין זיין צעל׳,
פליקט יעדערער זיין פלאַקסען שטריק,
בשעת די שוואַרצע זעעל׳
אַליין זיך פליקט בעזונדער אין
איהר גוף — די בייזע העל.

מען הערט קיין מאָל קיין מענשליך קול,
קיין וואָרט מיט מיטלייד צאַרט:
דאָס אויג וואָס היט אונז דורך דער טיהר
איז פינסטער, שטרענג און האַרט:
פערגעסענע פון גאָט און לייט,
רק פוילט מען און מען קוואַרט.

און אָט אַזוי אַ זשאַווערט מען
פערשאָלטען און אַליין:
און איינער שילט, און איינער זיפצט,
און איינער קריצט די צייהן:
נור גאָט׳ס גענאַד איז מילד און גוט,
און ברעכט דאָס האַרץ פון שטיין.

*

און יעדעס מענשען־האַרץ וואָס ברעכט,
אין ענגען קערקער־צעל׳,
און יעדער טרעהר וואָס רייסט זיך לויז



פון דעם בעטריעבטענ'ס זעעל',
צינדט אָן אַ שטראַהל אין וויסטען גרוב
און מאַכט אַ רגע העל.

אָה, גליקליך איז דאָס הארץ וואָס ברעכט
און דורך דעם טרעהר געווינט
די רוה, וואָס מיט געגאדע קומט
און וואַשט אַוועק די זינד,
און גאָט קען זעהן אין זינדער'ס הארץ
זיין אונבעפלעקטעס קינד!

*

און יענער מיט דעם בלויען האַלז,
וואָס ליעגט אין שאַנד און שפּאָט,
ער ליעגט און וואַרט ביז קומען וועט
פון הימעל גאָט'ס גענאָד;
דען ס'האַרץ צובראַכען און פערעלענדעט
וועט ניט פערשטויסען גאָט.

דער מאַן אין רויט וואָס לעזט 'ס געזעץ,
האָט געשאַנקען מיט אַ מאָל
דריי קורצע וואָכען לעבען איהם,
אום ער, דער זינדער, זאָל
ריין וואַשען ס'בלוט פון יענער האַנד
וואָס האָט בענוצט דאָס שטאָהל...

און מיט טרעהרען בלוטיגע האָט ער
זיך ריין געשווינקט די האַנד:
דען בלוט אליין נור וואַשט אָב בלוט,
און היילט די וואונד פון שאַנד,



און לעשט פון מערדער׳ס שטערען אָב
דעם רויטען קין־בראַנד.

## VI

אין רעדינג׳ס תפיסה, וואו אין הויף,
האַרט פאַזע קערקער־וואַנד,
געפינט זיך דאָרט אַן׳עלענד גרוב,
אין איהם ליעגט טיעף אין שאנד,
אַן׳עלענדער, צופרעסען פון
די שאַרפע צייהן פון בראַנד.

ביז גאָט די טויטע וועקט ניט אויף,
זאָל פריעדליך זיין זיין שלאָף:
בעקלאָגען זאָל דאָ קיינער ניט
זיין שוידערליכען סוף:
דען ער געטוידט האָט וואָס ער ליעבט,
און האָט פערדיענט די שטראָף.

דאָך יעדער טויט די זאַך ער ליעבט,
איהר אַלע, שטוממט און הערט,
ווער מיט אַ שלעכטען קוק, און ווער
מיט שמייכלעריי פערצעהרט;
דער פייגלינג טוהט עס מיט אַ קוש,
דער בראַווער מיט אַ שווערד...

